לייב וואַסערמאַן

# מיינע מעת-לעתן

אַרויסגעגעבן דורך אַ בוך־קאָמיטעט מיט דער מיטהילף פון קאַרל ראָטמאַן
סטיפּענדיע־פאָנד ביים אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס און דעם יוסף
ווינעצקי־פאָנד ביים יידישן פּען־קלוב.

תשכ"ו — ניו־יאָרק — 1966

## די תפילה

די תפילה,
וואָס איך האָב קיינמאָל נישט געזאָגט,
איז נישטאָ אין מיין דערפאַרענער רו.
נאָר אין אַלע
מיינע איינציקע טואונגען
גליט איר שאָטן.
איך זע נישט
אַרוים אירע אותיות,
און גרוי אין איר רשות.
אָט אַזוי, נישט פאַרשטאַנענערהייט —
איז זי דאָ אין מיין זכרון.
נישט באַגריפן —
ווערט זי נאָך מער געבאָרן
און הויבט זיך נאָך מערער אָן.

## אָפּגעזונדערט

ביז דו וועסט זיך ניט אַוועקלייגן
אָפּגעזונדערט אויף אַ ווייס פעלד,
וועסטו קיין מענטש ניט ווערן.
ביז דו וועסט ניט טאָן זאַכן
ווי קיין אָפּגעזונדערטער,
וועסטו ניט האָבן פאַר זיך
קיין שום דרך ארץ.
דאָ אויף די ענגע וועגן פון דער שטאָט,
ווערסטו אַליין ענג,
און קאָנסט קיינעם נישט העלפן.
וועסט שוין באַלד ווערן
אַזוי אומבאַהאָלפן,
ווי די שרייענדיקע שילדן.
ווי די לאָמפּן ליכט,
וואָס פאַרזיכערן נישט קיינעם.

## אַ מנהיג

גײַסט אַרום
און זוכסט פֿאַר זיך אַ מנהיג.
אַלע דײַנע אבֿרים
זינגען אין זוכעניש.
ווילסט איבערלייענען
אַ פּיבערדיקן אויפֿשריפֿט
אין אַן אויג —
און זיך באַרואיקן.
שטיל ווערן
פֿון אַ שטײַגנדיקן צוזאָג
אויף אַ פּלוצלינג פּנים.
ציטערסט פֿון ערגעץ
זײַן העלן שאָטן
אויף דעם עלנטן מהלך
וואו דו גייסט.
ווילסט אים זען,
אין זײַן געשפּאַנטער
אָפּגעזונדערטקייט.
ווי זײַן אָפּשייד הערשט
אויף זײַנע ערשטע וועגן.

## דער שטילער

דער וואָס איז שטיל —
וועט דיך נישט אָפּנאַרן.
זיכערקייט
וועט שטילן אין זײַן קול.
באַשטענדיקייט
וועט בלויען פֿון זײַן שטוב.
ער וועט אַרומלויכטן
דײַן קאָפּ מיט זײַן גוטמאָרגן.
זײַן האַרץ
וועט פֿאַר דיר טריפֿן אָפֿן.

וועסט אַריינפּליסן
אין זיין הויז.
זיין וואָר
וועט דיך נישט פאַראומערן.
צו זיין לויטערקייט
וועסטו זיך זעצן נאָענט.
מיט זיין גנאָד
וועסטו זיך באַלד פאַרשטענדיקן.

## ביסט געקומען

ביסט געקומען
אין אַ טאָג פון אומרו,
אין אַ נאַכט פון פאַרדראָסן.
אין די געגנטן פון גערעכטיקייט
איז נאָך לויז די ערד.
צי אויס אַ פאַרטראַכטע שטילקייט
פון דיין הויף.
באַפרוכפּער די סודות,
און שטיל אַ ביסל איין די שיין.
נאָכדעם זוך אויף די וועגן
די, וואָס זיינען שנעל אין איינזאַמקייט.
חידושדיק אין זייער שאַרפן שוויגן.
לויף מיט זיי צו דיין גלויבן,
און קלאָר אין זייער קליינער עדה.

## אַ לעבן

אַ גאַנץ לעבן
וועל איך דיך פֿאַרבייגיין,
און נישט אָנטרעפֿן
אויף קיין מינוט דיין פּנים.
כ׳וועל נישט האָבן אַפילו
פֿון וואָס
אויסשאָטענען דיין שווייגן.
אָנשטאָט דיך —
וועל איך אויסלויכטן מיך,
און יעדער שטריך
וועט שטראַלן
צעבראָכן.

## היים

ווי אַ צעשפּאָלטענער טייך
טונקלט מיין חלום,
און ס׳פֿיבערן איבער אים
פֿאַרנאַכטיקע פֿייגל.
לאַנדשאַפֿטן
רויכערן שטום
אַרום און אַרום.
ווינטן
צעשיידן זיך מיט ווינטן
און קומען ערגעץ אום.
די שטילקייט
הויפּנט אָן אַ שטויב,
געראָטן אין מיין היים.
ווערטער
ווערן ערד און ליים.

## זוכעניש

כ׳האָב דיך אויפגעזוכט,
און דו האָסט זיך פֿאַרלאָשן קריק.
כ׳קאָן דיך ניט זוכן
אַזוי גיך,
ווי דו לעשסט זיך אויס.
ס׳נוצן מיר ניט
די עטלעכע טונקעלע ווערטער,
וואו דו ביסט ניטאָ.
נאָר אַז איך געפֿין דיך,
ווערט גאַנץ מיין טרויער.
ס׳הויבן אָן שטיל ווערן
די ווענט אין מיין שטוב.

## דיין וואָרט

דיין וואָרט
איז אַלט ווי די לבנה.
שאָטנדיק
ווי דער אומעט אין דער הייך.
מען וועט דיך נישט קאָנען
פֿאַרבייגיין.
פֿאַרבלאָזן דיין אויסזען.
אויף דיין שוועל
איז דער שטויב פריש.
די ווינטן
זיינען פייכט און ליכטיק.
דיינע רמזים וואַנדערן.
האָסט פֿאַראומרואיקט די סופֿן.
האָסט אויסגעצויגן דיין וואָר
און דיין אָנגעזיכט
איז באַהויכט.

# אָרעם

שטילערהייט וועסטו אַוועקגיין
וואו ס׳איז גאָרניט פאַרזייט.
און אַז דו וועסט דאַרפן
גיין אין אַזאַ אָרט,
וועסטו מוזן גיין אין דער הויך —
ווייל אויך אויפן ים,
איז דאָ אַ שפע פון פיש און פלייש.
אויך פון דער מדבר
איז נאָענט די פרוכפּערדיקע ערד.
בלויז דאָרט,
וואו ס׳איז ניטאָ קיין ערד,
דאָרט זייט מען ניט קיין פעלדער.
דאָרט פאַסעט מען ניט קיין סטאַדע
און ס׳איז נישטאָ
וואו אַרויסצובאַקומען ווייץ און גאָלד.
אַז דו וועסט אַרויף גאָר אין דער הויך —
וועסטו איבערנעמען יעדן איינעם אַהין —
זיי זאָלן זיך אָפּגעוואוינען
פון גרייטן און פון זאַמלען.
אַז ס׳וועט ניט זיין קיין שפע —
וועט ניט זיין קיין יסורים.
מיר דאַרפן זיך אַלע
אויסלערנען זיין אָרעם.
אַזוי גאָלדיק-נאַקעט
ווי דאָס אייביק ליכט.
אַז דו וועסט באַקומען אַזאַ געזיכט —
וועט דיין מזל זיין זיכער,
און דיין גורל וועט דיך מער ניט וואַרגן.
ערשט דערנאָך,
וועסטו קאָנען אַראָפּגיין
קריק אויף דער ערד.
און די גאַנצע שפע
וועט נישט האָבן פאַר דיר קיין ווערט.
וועסט דורכגיין
דורכן גאַנצן האָב און גוטס,

און פֿאַרשטיין
פֿאַרוואָס איז דיין שוץ
נישט אין דעם.
וועסט וויסן —
אַז אין ליכטיקער אָרעמקייט
איז דיין שוץ.
וועסט נאָר טראַכטן
ווי אַזוי דו זאָלסט ווערן אָרעמער,
ווי אַזוי דו זאָלסט אָנקומען
צום אָרעמסטן אָרט.
און ווי אַזוי און ווי אַזוי
דו זאָלסט וואַרעמען שטיל
דיין געאיינצלט וואָרט.

## דער ווייסער קאָפּ

דער פֿאַרנאַכט איז נישט אַלט,
דער ווייסער קאָפּ
איז נאָך אויך נישט אַלט געוואָרן.
ווייסע פֿייגל
ציטערן אויף זיינע האָר.
ס'איז אָפֿן דאָס פֿענצטער.
דער פֿאַרנאַכט
איז ביי אים אויך טאָג.
די שויבן גלימערן
ווי פּאַר אַ חלום.
ער זינגט דאָס ליד.
די וואָר איז געענדערט
און די שעה איז גוט.

# זומערצייט

זומערצייט
וועלן זיך די טאָלן
אויפהייבן מיט גראָזן,
און די שטילקייט
וועט שטייגן גרין.
אויף די שאָטנס
וועלן זיצן פייגל,
און זיך באַהאַלטן פון דער זון.
בלויז דער ווינט
וועט זיך אַרומיאָגן אין דער היץ,
און וועט וועלן כאַפּן אַ נעפּל.
און איך
וועל דעמאָלט זוכן אַ חלום,
און וועל גיין פון דער היץ צום ווינט,
און פון ווינט צו דער היץ,
ביז צום אָרט, וואו די פייגל זיינען באַהאַלטן.

# דיין טרויער

דיין טרויער
איז ווי דאָס בילד פון מאָרגן.
אַלץ וואָס דער פאַרטאָג
וועט צייכענען,
האָסטו שוין באַלד באַדאַכט.
ס'ציט זיך צו דיר די שטילקייט,
וואָס ווייסט פון אַלע צייטן.
אין דיינע רייד
זאַמלען זיך די נישט געבאָרענע —
און אויף זייערע קעפּ
טראָגן זיי אַריין אַ וואָר —
וואָס איז דיין און אָנגעלאָדן.

# דורך אַ דערמאָנונג

שיק מיר צו דעם טרויער,
וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען עלנט.
די ווייטקייטן
וואָס האָבן זיך געזאַמלט אין פעלד.
איך געדענק נאָך די שטערן,
וואָס האָבן פאַרטרערט דיין טראַכטן.
דיין שאָטן —
וואָס האָט דיך צוגעהאַלטן,
זאָלסט נישט פאַלן.
קום אַריין און פאַרקלער מיך
מיט דעם געעלטערטן באַשייד.
היים מיך אויסטאָן פון זיך
די געהיימע טרוימען,
און זיך אָנטאָן אין דעם וואָרן טראַכטן.
מאַך מיך קלוג און לויטער,
ווי עס פּאַסט צו זיין איצט.
נישט צעבליצט —
נאָר אַריינגעזילבערט
שטום אין דעם וואָרט.
קומסט צו מיר ווי אַ געדענק־טאָג
פון די אָנהויבס יאָרן.
ווי אַן אַלטע טרער,
וואָס צאָלט זיך איצט
ווער ווייסט ווי טייער.
איצט ווערט דער טויט
נייער ווי די קינדהייט.
אַלע פאַרשייטע וועגן
ליגן אויסגעצויגן געלאַסן.
די שטערן זיינען איצט נידעריק
איבערן קאָפּ,
און דער הייליקער קאָפּ זילבערט —
די חלומות דרימלען
און ס׳איז נישטאָ קיין צוימען,
ס׳גייט אַ דינער רויך פון קוימען,
און די שטוב שטראַלט —

איינגעדאַרט און לויטער
איז דערנעבן דער וואַלד.
די פייגל
זיינען אַראָפּגעגאַנגען פון די נעסטן
צום שטאַם.
זיי ליגן איינגעלייגט אין גראָז
און פיבערן ווי אַ ווייסער ים.
אָט אַזוי,
לאָמיר זיך אויך איינזידלען
נידעריק ביי דער שוועל.
קאַרגן דאָס טרויעריקע וואָרט
און דורכשטוינען
דין דורך דער וועלט

## אין צווייען

לאָמיר געשווינד אַרומגיין,
און געשווינד טראַכטן.
פון יעדן איינציקן גראָז,
קאָן מען טראַכטן אייביק,
און מיר — אַפילו אין צווייען
זיינען ניט אייביק.
דיין קאָפּ וועט ניט לויכטן לאַנג,
און דיינע האָר
וועלן אַפילו ניט לאַנג ווייס זיין.
גרייט זיך צו צום אומעט,
וואָס דאַרף קומען,
מיט נאָך אַ שטילן שפּאַן
אין מיין חלום.
איך וועל וויסן
אַז דו ביסט צו מיר גוט,
ווען דו וועסט זיין
אין מיינע חלומות לויטער.

## דער וועג

בעת מען גייט שוין ניט
קיין סך,
ווערט דער וועג
ווי אַ נעסט,
און די טרויערן
לייגן זיך אויס
ווי פייגל.
אין אַזוינע טעג,
איז שוין ניטאָ קיין שלעכטס,
און אויפן ים
שווימט די לבנה,
וואָס איז ווייסער
ווי דיין קאָפּ.

## פּאַרטרויאונג

דיין פּאַרטרויאונג באַווייזט זיך צו דיר
מיט דעם ערשטן גוטמאָרגן.
זי איז די שטילסטע
אין דיין באַרואיקטן אינדערפרי.
נאָר מיט גוטסקייט
קאָן מען זיך פּאַרטרויען.
נאָר מיט דעם שלומדיקן שווייגן,
און מיט דער אויסשטרעקנדיקער טרער.
דיר ווערט גרינגער זיך פּאַרטרויען,
ווי לייקענען.
ווערסט מידער און בעסער.
די שטומע מידקייט
שטייט ביי דיין רעכטער האַנט.
דאָס וואָרט וואָס איז עלטער געוואָרן,
איז געוואָרן בעסער
צו ג—ט.

# דאָס לאַנד פון דיינע אָבות

דאָס לאַנד פון דיינע אָבות
איז ליכטיקער פון אַלע ווערטער.
די קליינע הייליקע ערטער,
זיינען גערעכטיקער
ווי די גאַנצע ערד.
ס׳האָט דיך געצויגן און ס׳ציט דיך
דיין גוף אַוועקצולייגן,
אין דעם שטילן פייערדיקן לאַנד.
זיך איינשטילן
און גרעסער ווערן
ביי דער כותל-מערבי-וואַנט.
דער טעם פון ארץ ישראל
איז דיר אייביק נאָכגעגאַנגען,
און האָסט נישט פאַרמאַכט
פאַרן שלאָפן די אויגן,
אָן אַ בליק טאָן צו דער מזרח-זייט.
כאָטש ס׳איז געווען באַנאַכט,
האָסטו בולט געזען
דעם מזרח פון דער ערד.
האָסט געזען ירושלים
שטיין אין מיטן —
און דיינע ליפן האָבן זיך אָנגעצונדן
מיט אַ ברכה צו ג—ט
און ס׳האָט אַ טרער געטאָן
דיין גאַנצער טרויער.
די קברים האָבן דאָרטן געאייביקט
און אויפגעהאַלטן
דאָס קליינע לאַנד פאַר דיר.
איצט ווערט דאָס לאַנד,
ווידער באַפעלקערט
מיט דיינע יידישע ברידער.
מיט דיינע שיינע שוועסטער.
אַ פריילעכער אָטעם
נעמט אַרום דעם פאַרלאָזטן הימל.

די געזייטע פעלדער
זיינען אויסגעבעט מיט זון,
און באַנאַכט פינטלען אויף זיי
הייליקע שטערן.
ס׳מערן זיך די קליינע שטיבער
אין דיין פיבערדיקן לאַנד.
איצט איז שוין צייט,
אַז דו אַליין,
זאָלסט זיך אויך אַרויסזעצן
פון אַלע צאַמען.
נישט פאַרזאַמען זיין
צו דער לעבעדיקער איינזאַמלונג
וואָס האָט קיינמאָל ניט אויפגעהערט
אין דעם באַוואָרנטן
טרויעריקן חלום.
איצט איז צייט —
פאַרפאָרן און זיך פאַרשלעפּן
פון וואו דו ביסט —
און זיך צושטעלן
צום נסימדיקן חשבון.
איצט האָסטו זוכה געווען
צו זיין אַ נסימדיקער ייד.
קאָנסט קומען און באַווייזן מופתים
אין דיין אַלטן לאַנד.
די שטילע אייביקייט
איז איצט געשפּאַנט.
און ביז יעדער ייד
וועט ניט אַריינפאָרן
וואו דיין חלום וויל
וועט זי ניט ווערן שטיל.

# אומוויסנדיקע זאַכן

אומוויסנדיקע זאַכן
האָבן זיך פֿאַר דיר אויסגעשטעלט,
און ס׳איז אַזאַ געדיכטע בלויקייט
אַרום דיין לעבן.
אַזאַ אומבאַשטימטע
הייליקייט אַרום דיינע טעג.
דוכט זיך, אַז דו ביסט נישטיק —
אָבער וויפל גרויסע הימלען
זוכן דיין געצעלט.
וויפל אומוויסנדיקע חללן
שיצן זיך,
אין דיין אומוויסנדיקן זאָג.
גיי צו די דערבאַרעמדיקע סודות
און דערוואַרעם אין זיי
דיין לעבעדיקע שעה.
דיך האָט פֿאַרבונדן
אַ ווינט מיטן הימל,
און אַ שטילקייט —
מיטן געבאָט פון אמת.
ווער ס׳וועט זען דיין פּנים,
וועט אפשר אויסשרייען,
אַז דאָס איז דער אמת,
ווער ס׳וועט דערוואָגלען צו דיין ליד,
וועט זי ליב האָבן
פֿאַר איר אומוויסנדיקן
גוטן ליכט.
פֿאַר איר פֿאַרמאַכטן גלויבן,
און פֿאַר איר טרויעריקער
דערבאַרעמדיקייט.

# איצט

דײַן טרויעריק מויל
איז געבליבן אײַנגעשפּאַרט
און צינדט נאָך
װערטער צו חלומות.
נאָר די אָנקומענדיקע אימה
װערט גרעסער —
און צװישן איר און דיר
הערט זיך נישט
קײן פֿאַרטרױלעכער ריר,
קײן שום שאָטן,
װאָס זאָל זײַן
פֿון דער אימה בעסער.
קאָנסט שױן ניט װי אַ מאָל
פֿאַרגרעסערן דײַן אײנזאַמקײט.
פֿאַרשנעלערן די שטילע רגעס
און אָניאָגן
מיט אַ װאָרט די אײביקײט.
קאָנסט שױן ניט
אַזױ צעשפּרײטן דײַנע טריט,
אַז זײ זאָלן אַלץ
פֿאַרלענדן.
קאָנסט ניט, אַזױ װי פֿריער,
זיך שטום פֿאַרמערן,
אַז חוץ דער ליכטיקער שטומקײט
זאָלסטו גאָרניט הערן.
דער דמיון װי די װאָר
זײַנען געװאָרן קלײן,
ס׳איז נישט געבליבן אַפֿילו קײן װעג
פֿאַר צװײ פֿיס.
קײן אײן בערגל
פֿאַר אַ טרױם.

ס׳ליגן ביי דיר אין אומאָרדענונג
צונויפגעוואָרפן
אַ חלום אויף אַ חלום.
דער בטחון
זעט אוים ווי ערשט נאָך אַ שריפה.
דיינע סודות
לויפן ווי פליטים.
אַלץ
איז אויסגעמישט און פאַרווירט.
קיין זאַך איז נישט
אויף איר אָרט.
דיין קאָפּ איז צעקאָכט
און קאָן שוין ניט
אָנטאָן קיין קרוין.
נעם זיך צונויף
מיט דיין לעצט פאַרמעגן
און אויב די קאָנסט —
וואַרף אַרוים פון דיין האַרץ נסים
אויף די ליידיקע וועגן.
גיי דיין פאַרזעענעם זכות אַנטקעגן.

## העכער

העכער — איז אַלץ ליד.
ווערסט דאָס ליד
פון אַ שטאָט צו די שטערן.
זינגסט אוים
ביז צום טויט דיין בטחון.
ווערסט ביז נאַכט
אַ באַגלייבטער ביי ג—ט.
ווערסט נפטר
איבער דער גאַנצער וועלט.

# דער מקובל

כ׳האָב נישט קיין מורא צו זאָגן,
אַז כאָטש איך שרייב לידער,
בין איך אויך אַ מקובל.
אַז כאָטש מיינע ווערטער
זיינען אַזוי פאַרענדערט,
טרויערן זיי,
ווי פון אַ צפתער שטיבל.
צו וואָס וואָלט איך, יידן, באַדאַרפט
דאָס גאַנצע ביסל גנאָד,
אויב ניט צו קאָנען חלומען
יעדער זאַך אַנטקעגן?
טאַקע נאָר דערפאַר,
וואָס איך בין, יידן, אַ מקובל —
אַ מקובל צו פייגל און צו טייכן,
לייטערן זיך אין מיר ווערטער,
און טרויערן נאָך זייער גלייכן.
איז פאַרוואָס
זאָל איך נישט נאָכלויפן דעם אר״י?
אַפילו ביים העלן חצות פון טאָג,
שריי איך דאָך ווי ער, גוואַלד.
אַ גוואַלד צו ג—ט,
און אַ גוואַלד צו זיך;
אַ גוואַלד צו מיין טאַטן,
און אַ גוואַלד צו מיינע געבליבענע ברידער,
נישט אַנדערש — אַז ביי מיין ברית,
זיינען געווען פאַרשטעלטע מקובלים,
און אָנגערירט —
ווער מיינע אויגן, און ווער מיין מויל.
מיט אַן אויפגעזוכט ערלעך ליד,
הויבט מען אויך אָן
צו זיין אַ מקובל.
אַפילו אין אַ פרעמדער שטאָט
איז מען נישט פרעמד,
ווען מען דערשפאַרט זיך ערגעץ
מיט אַ שטום וואָרט.

קיינער זעט ניט,
ווי איך באַוויַיז זיך מיט אַ געליטענעם זאָג.
כ׳לויף נאָך די שיין פון אַ פאַרטאָג,
כדי פריי ווערן פון אַ פּלאָג.
כ׳וויים —
אַז איך בין אַ סך אַ קלענערער
מקובל פון זיי.
ס׳פעלן מיר זייערע ליידנדיקע קאָלירן.
זייערע מילדע סמנים פון טרייסט.
ס׳איז אָבער אויך אויף מיר נגזר געוואָרן,
זיין ווי זיי אַ מקובל.
און איך שלעפּ זיך צו זיי
מיט נישט קיין געוויינלעך ליד.
איך ווער ליכטיקער און עלטער
מיט מיין יעדן גליד,
זיי זאָלן מיר פון ערגעץ־וואו דערקענען.

## דאָס ליד

די וואָס וועלן אָנקומען
צו ווערן געבוירן,
וועלן אויסלערנען דאָס ליד,
ווי זייער ערשט לשון.
די וואָס וועלן ברענגען
די גאולה,
וועלן קיין אַנדערע
רייד נישט וויסן,
אַפילו אין זייער פּראָסטן
טראַכטן.

# אייביקייט

יעדער שטילער שאָטן
וועט זיך אויפהאַלטן
אויף דיינע שויבן.
דער ווינט פון אומעטום
וועט דורך דיין טיר
אַריינקוקן.
דו וועסט ניט שטאַרבן
דורך קיין סוף.
די שטילקייט
האָט דיך אויסגעצויגן
אַריבער די סופן.
דיין שעה
איז צונויפגעפאַלן
מיט אייביקייט.
דיין רו
האָט אַנטקעגנגעשוועבט
דעם באַשעפער.

# נאַכט

ס'איז נאַכט,
און אַלע וועגן בלאָען איצט אין זיך.
אַלע ווינטן
ווייען הייליק איצט מיין מזל צו.
טרוימען
צייכענען דעם הימל
אויפן זאַמד ביים ים.
רגעס בליצן —
און ס'וורעט פאַרגעזעצט
אין פאַרכט די צייט.
אין אַזאַ נאַכט,
איז מזלדיק מיין פענצטער אָפן.

## זומערדיקע פייגל

זומערדיקע פייגל
גרינען איצט
מיט דעם בוים צוזאַמען.
פון דעם ווינט
אונטער זייערע פליגל
וועלן פאַרטאָג
אַרויסקומען פּירות.
איך וועל אויפשטיין
דער ערשטער,
און זיי אָנרירן
רויערהייט.
טרויעריקערהייט —
וועל איך זיי אַרויסנעמען
פון אונטערן ווינט,
און זיך אַרומדרייען מיט זיי
ביז די פייגל וועלן אויסשטאַרבן.

## דיין טאַטע און דו

דער וואָס האָט דער ערשטער געטרויערט
האָט אויך טרויעריק געמאַכט
דיין טאַטן און דיך.
ס'האָט זיך איינגעזידלט אין דיין זעל
אַן אַלטע תפילה,
און דויערט איבער דיין גאַנג
מיט אַלטע העלקייטן.
צווישן די צייטן —
פון דיין טאַטנס טויט,
כאַפּט זיך אויף דיין ליד
און גרויט אויף אַ קול.

## נישט גוט

קיינעם איז נישט גוט אויף זיין אָרט.
פייגל נידערן צו דער ערד,
און איך הייב זיך צו דער הויך.
די זאַמדן וואַרטן אויפן ווינט.
רעגנס רייסן זיך
מיט אַ פריילעכן אייפער צו דער ערד.
אפשר וועט קומען צו אַזאַ שעה,
און אַלץ וועט אויפהערן צו זיין
דערווייטערט און פאַרוועדט.
איך און ג—ט און די פייגל
וועלן זיך אויסמישן
אין איין אומענדלעכקייט —

## שווייגן

צום געשריי,
בין איך נישט נאָענט געוואָרן,
כאָטש דאָס שלעכטס
האָט אָנגעביסן מיין קאָפּ.
שטיל, און ווידער שטיל,
שטייען אויסגעשטעלט
די טעג פון מיין מזל.
אַז איך בין שטום,
פאַרציען זיך מיינע וואונדן.
אַז איך רו —
לויכטן מיינע ליפּן.

## איך

דער ווינט
מאַכט בלאָער די וועלט.
די קעלט
מאַכט העכער די הייך.
די שקיעה
מאַכט קלאָרער דעם ים.
איך —
קום בלויז צו מיט אַ וואָרט.
איך שטעל צו אַ וואָרט
צו דער וועלט.
ווערט צוויי מאָל אַזוי פיל
די וועלט.
ווערט דינער
דאָס ליכט אין דער נאַכט.
ווערט שאַרפער
דער ווינט ביי דער ערד.
ווערט קלאָרער
די תפילה צו ג—ט.

## ווי אַ בלום

ווי אַ בלום,
וואָס אָט קומט זי
אַרויס פון אונטער דער ערד,
איז באַנאַכט דיין טראַכטעניש.
אָט נאָך אַ צעשפרייטע,
שלאָפלאָזע וואָרטעניש —
און דער רעיון וועט צוקריגן
נאָך אַ ווענדונג —
אפשר נאָך אַ פאַרענדערונג —
צו דערזען דאָס ליד.

# די אומענדלעכע אייביקייט

די אומענדלעכע אייביקייט
איז איצט פאַרוואַלקנט.
אָבער דער טרויער
איז ווייס ווי ליכט.
די מאָנונג אויף דיין געזיכט
זוימט אַרום די ערד.
ברעכט איבער די שטילקייט
פון מיט נאַכט.
בלאָזט אַריין אין דער פינצטערניש
און שטומט אין דער טיף.
די פאַרוואָלקנטע אייביקייט
איז מיט דיר.
אין אַ הייל
פון פאַרטרוילעכן עלנט
חלומט דיין וואָרט.
גייסט אַדורך די הייל
פון אָרט צו אָרט.
דו גלעטסט די ערד
און די מינערסט גאָרנישט.
זעסט ווי אַלץ
איז פאַרחלומטער סוף.
און דו ווילסט אין דער ענדע
זיך זוניק איינלעבן.
ווילסט פון דעם חלום ניט אָפּשטיין.
אַ רגע שטילקייט
איז דיר טרויעריק טייער.
אַ וואָרט פון דער רגע
יאָגט אָן אַ פייער.
און דאָס פייער
איז שטיל ווי אַ גראָז.
לויפט ווי אַ האָז
ס'זאָל עס קיינער נישט פאַרצוקן.

## זינד

די רו,
וואָס שפּיגלט פון דיין קאָפּ,
האָט שוין אַזויפיל זינד.
דיין בלויזע אָפּגעזונדערטקייט,
איז ווי אַ שאָטן שוואַך.
ווערסט אָפּגעשוואַכט
פון צופיל אָפּזיצן ביים טרוים.
פון צופיל בוקן זיך
פאַר דער שטומקייט.
די דינע אָפּגעזונדערטקייט
פאַרשווענדט דיין קול.
פאַראָרעמט אין דער שטום
דיין אימפּעט.
ציטער נישט
איבערן בלענד פון ווערטער.
גיי אַריין אין שווידער
מיט דיינעביידע פּים.
טו עפּעס מיט דיין גוף
צו די אומבאַקאַנטע גופים.
די עוולה איז גרוים
אויף דיין פאַרשטילטן פּנים.
דעם שווידער רירן ניט
די מצוות
ביי דיין פאַרשטילטן טיש.
ס'איז שוין גענוג
צו אויסמושלען דעם שווידער.
אים שרעקן שעהנווייז מיט שפּרוכן —
דורך אַ פאַרמאַכטן חדר.
פאַרשווינד
פון דיינע אַסקעטישע עבירות,
צווישן אַ גרויסן עולם
נעבן בורא עולם —

# פאַר אַזאַ צייט

פאַר אַזאַ צייט,
גרינען נישט די בערג
און די שאָטנס
באַווייזן זיך נישט.
ווייסע און בלויע פייגל
שפּרינגען נישט אויף מיין שטח.
ערגעץ
איז אַן ענגשאַפט
פון פייגל און פון ווינטן.
אַ שפע
פון פאַרטאָגיקע רעגנס.
נאָר אַז איך וויל —
ווערן אויך ווינטן נעבן מיר.
פאַרביקע ווינטן
מיט שטילע קולות.
הירשן —
וואָס יאָגן איבער די פייגל.
שאָטנס —
וואָס מאַכן נעבן מיר טאָג
און פאַרבאַהאַלטן אין זיך רעגנס.

# אַ פאַרטראַכט וואָרט

ס׳צינדט זיך אָן אין דיר
אַ פאַרטראַכט וואָרט,
און דאָס אָנפאַנגלעכע פייער
איז שטיל אָן אויפהער.
גייסט אַדורך דעמאָלט
די גאַנצע וועלט,
און דו פאַרטוסט ניט מער
צום גאַנג,
ווי דאָס איינע וואָרט.

# פרילינג

קוק זיך צו
צו דיין איצטיקן פרילינג.
בענק, אָטעם.
שריי
צו דעם אַראָפּגעפּאַלענעם וואָלקן.
דערמאָן דעם רייפן רעגן,
אַז דאָס ביסטו.
דו,
וואָס דאָס געזאַנג אַפילו
גרייט דיך־צו צו יענער וועלט.
דאָס איז די וואָר
פון דיר ביז ג—ט.
די וואָר
איז דיר ניט קיין טרייסט אויף אייביק.
וואַקלסט זיך גלייביק,
און דו דערשטאַרבסט גלייביק.
שטייסט און זאָגסט תפילה
מיט דיין צער דעם בעל־תפילה.
זעסט מיט וויפל די וועלט
איז פון דער ערד גרעסער.
זעסט וויפל הימלען
ס׳פאַרנעמט די רו.
ווערסט אַליין
אַן אומשטחדיקער מענטש.
דאָס איז דער מענטשלעכער
זמן פון זכיה.
דאַנק דערפאַר מיט אַזאַ דאַנק,
אַז אַלע מענטשן זאָלן הערן.

## שטילקייט

לאָמיר אָנטאָן אויף זיך אַ שטילקייט
און פאַרשטעלן אויף אַלע וועגן דאָס געשלעג.
אויך אָן בלוט
זיינען די טעג ניט גרינג.
אויף אונדזער גורל
איז סיי־ווי אַ וואונד.
לאָמיר טרויערן
אויפדערנאַכט מיט גוטסקייט,
און זיך אַרומנעמען
אינדערפרי מיט טרייסט.
ס'איז אַ טרויעריקער אומרו
אויף יעדער טיר.
אינדערפרי גייט אַרוים דער גוף
און בלאָנדזשעט ביז נאַכט.
אונדזערע טרויערן
טרעפן זיך ווי שאָטנס.
אונדזערע שמייכלען זוכן שוץ.
אַלע חלומות
וועקן זיך אויף מיט צער.
צו וואָס דאַרף איך נאָך
אויף דיר שרייען,
און דו אויף מיר.
לאָמיר זיך אויסלייגן
ביידע ביי דיין טיר,
און זיך אַרומנעמען
ווי שטומע חיות.

## גייסט אַרום

גייסט אַרום אַליין
פון איין ווינט צום צווייטן.
נעמסט אַרום דעם ווינט
און דו בלייבסט שטיל.
דער ווינט שרייט אין דיר ניט.
דער ווינט בעט אין דיר
אַזוי ווי די שטילקייט.
אַ ליכטיקייט
הייבט דיך ערגעץ און הייבט.
אַ שטילקייט
טראָגט דיך לינד ערגעץ אַרום.
ס'ווערט דיר קלאָר,
אַז דו האָסט אויסגעבעטן
דיין געבעט.

## רעגן

דער האָריזאָנט
איז מיט נאַכט און רעגן.
די ווינטן
זיינען נידעריק און שטיל.
דער רעגן טריפט
און די צייט איז הייליק.
אַ גאַנצע נאַכט
ווערן געזאַלבט די וועגן.
הערסט דיין אָטעם
ווי דעם גאַנג פון וואָלקנס.
דיין בליק
דרימלט און זעט.
הייבסט אָן לעבן
ווי אַ בלאָע שטילקייט.

## אונטער דער בלאָ

אונטער דער בלאָ
איז דאָס ליד מצליח.
אַלע הייכן
העלפֿן דעם ליד.
די שורות
ווערן פֿריי ווי וואָלקנס.
די וואָלקנס
ווערן הויך ווי די הייך.
די הייך —
רעגנט אַראָפּ.
דער דיכטער
שטייט און בליקט.
ער טרינקט
ווי די ערד זיינע שורות.
ער רוט
אין זיין וואַכיקן חסד.

## דיין געזאַנג

אַלע רגעס
זיינען אויפגעגאַנגען ווי דו.
פֿון אַלע הימלען
האָט די נאַכט צו דיר געאיילט.
אין דער נאַכט
האָבן דיך די שטיינער
אָנגעהויבן הערן.
דו ביסט געגאַנגען
און דו האָסט געזונגען שטום.
דיין שטומקייט
האָט זיך אין דער פֿינצטער געפֿרייט.
אַלע שטערן
האָבן אויף דיר ווייט געוואַרט.

# האָסט מיך געצויגן

האָסט מיך געצויגן צו אַ צער,
וואָס ווערט פון קיינעם נישט באַדינט.
צו אַ קול, וואָס שרייט אויף
און קראַכט —
דערפאַר איז גיך פאַרעלנט געוואָרן
דיין מעכטיק בלוט.
דיין געזאַנג האָט אָנגעהויבן
לעצטער ווערן.
דיין ווערן האָט איינגעדרימלט,
און דיין זוניקע לוסט
האָט נאָכגעלאָזט.
פאַר אַזאַ ווייטן רמז
איז נישטאָ קיין ווינט.
דו —
ביסט צו מיר געבוירן געוואָרן,
און איך וועל צו דיר שטאַרבן.
ס׳איז נישט קיין טרויער,
און ס׳איז נישט קיין פרייד.
ס׳איז אַ באַשייד
נאָך אַלע קלאַנגען און פאַרבן.
נאָך אַזוינע רייד,
בלייבט שוין נישט קיין שטילקייט.
ס׳קרייעט נישט דער האָן,
און ס׳ווערט נישט האַלבע נאַכט.
די שטערן האַלטן זיך
קוים ביי זייער סוף.
אָט וועט אויפטאָגן דער טויט,
און ס׳וועט מער נישט דעמערן.
אויף די ווייסע אָנהאַלטן
פון דער וועלט,
וועלן אונדזערע טראַכטונגען
זיך ענדיקן פון זיך אַליין.

## אפשר געדענקסטו

אפשר געדענקסטו
ווי די נאַכט איז טרויערדיק געווען,
ווען מיר האָבן אָנגעהויבן דעם וועג.
ווען די שאָטנס
האָבן זיך אָנגעצונדן,
און זיינען געוואָרן
אונדזערע איצטיקע שטערן.
מיר זיינען פאַרבייגעלאָפן
פאַר איין נאַכט א האַלבע וועלט,
און נאָך א האַלבע
האָט זיך אָפּגעשטעלט.
איצטער זיצן מיר
אין אַן עלנטער רחבות.
מיר זיינען שוין געוואוינט
זיצן איינגעלייגט
און חלומען.

## איינציקע געמיטער

איינציקע געמיטער
לויפן ווי הירשן אָן.
צינדן זיך אונטער דער זון,
און זילבן
זייער וואָרהאַפטיקייט אויס.
פאַרטרויערטערהייט —
זיינען זיי ערשט גרויס.
זייערע נעפּלען טרוימען,
און טראָגן אָן צו די אויערן
שאַלנדיקע סופן.
פאַרחידושן
מיט זייער ווייסן וואָפן.
מיט זייערע פיבערדיקע מתנות
צום אמת.

# סך הכל

מיר קוקן זיך ביידע אום,
און ווילן,
ביי דעם איינגענעסטעטן טרויער
זיך האַלטן.
כ׳וויל ניט קיין אַנדערס,
ווי מיט דיר וואַנדערן,
און רעדן איינער פאַרן אַנדערן,
די ווערטער, וואָס מיר האַלטן
פאַר לויטערע,
און אפשר פאַר אומשטערבלעכע.
ס׳איז נישטאָ קיין אַנדערס,
ווי אָנקוקן די ערד,
און זיך אָפּשיידן צום וואָרט.
פון אַלע ווילנס
האָבן מיר אויסגעוויילט דאָס וואָרט,
און מיר טראָגן עס פאַרנאַכט,
ווי אַ פאַרנאַכלעסיקטן חלום.
פונקט ווי ברויט
איז אונדז דאָס וואָרט געגעבן,
נישט צו זאַט זיין מיט דעם אַליין.
נאָר דאָס אַוועקשענקען צו יעדערן
ס׳זאָל זיך לייטערן אינם געשאַנק.
אויך שענקען דאָס
צו אַזאַ, וואָס איז נישטאָ,
ער זאָל אויפהעלן פון דיין וואָרט,
וואָס איז ליכטיק און פאַרהוילן
פאַר אים צוגעפאַסט.

.2

אויב דו ווילסט טרעפן
צום שטאַם פון חסד
נידער אַראָפּ אונטן — אונטערן וואָרט.

חסד — ווערט געגעבן דורך ווערטער,
דורך רמזים
און דורך זייער האַפּטיק שווייגן.
אויך דער טויט,
דורך זיינע געשענקטע ווערטער,
איז חסד.
די רייד פון טויט,
האָבן אונדז דערגרייכט,
מער ווי די אַנדערע —
זיי זיינען ווייטער —
ווי דער לעצטער הימל.
זע, ווי ס׳איז פאַרהוילן די טרער,
וואָס שיינט צו דיר אַראָפּ
פון דיין העכסטן שאָטן.
אין יעדן אומשולדיקן אינדערפרי,
קאָן דיך דערגרייכן דער הערשיטער,
וואָס קומט אָן
דורך די שטומסטע שלייערן.

3.

לאָמיר זיך אָוועקשטעלן
ביז די שעה
איז נאָך אפשר דאָ גענוג,
און אויסשטרעקן אַ לאַנגן קרוג
צו די פולע וואָלקנס.
ווייל אָט קומט די נאַכט,
און מיר וועלן ניט קאָנען אַרויסגיין.
אויך מיר —
ווען אין אונדזערע בעטלעך
ליגן פאַר די שטערן,

אָדער גאָר —
פאַר העם צוגעמאַכטן הימל.
דער הימל וועט זיך פאַרגרעסערן —
און מיר — וועלן ווערן קלענער.
לאָמיר זיך שטעלן איצט צום ברעג,
וואו מיר דענקען
אַז מיר האָבן געזען ג—ט,
און זיך צעמורמלען אָפן מיט אַ תפילה,
וואָס מיר האָבן באַנייט
אין אונדזערע זעעוודיקע נעכט.
וואָס מיט חשיבות
און מיט שטילקייט
האָבן מיר זי געבראַכט
וואָרט און וואָרט,
טראָף און טראָף צו ג—ט.

## מיר וועלן גיין

מיר וועלן גיין
צווישן די הויכע פעלדזן,
ביז מיר וועלן קומען
צום נידעריקסטן הימל
און צום קלענסטן שטיין.
דאָרט וועלן מיר פאַרזייען אַ גאָרטן
און אויסבויען אַ הויז.
פאַר דער צייט,
וואָס מיר וועלן ביידע גאַפן
וועט אויסוואַקסן דער גאָרטן
און אויך דער בוים,
וואָס מיר האָבן קיינמאָל ניט געפלאַנצט.
מיר וועלן עסן
דעם קליינעם גאָרטן צוביסלעכוויז,
און זיך פאַרנייגן
פאַר דער ריינער פרייד.

# זינג

זינג מיט מיר אויף דעם וועג,
וואו דער חלום איז פאַרפאַלן געוואָרן,
און וואו די טרייסט,
האָט זיך געטוישט אין ווייטיק.
זינג מיט מיר ווי אַ פאַרפאַלענער —
אָבער זינג.
וואָס פאַרפאַלענער דו ווערסט,
ווערסטו צייטיקער,
און דײַן ווייטיק ווערט דופּטיקער.
די איבערגעבליבענע ווייסן,
אַז זיי זײַנען נישט
פון אַזאַ גורל ווי דו.
דערפאַר נייגן זיי
זייערע אויגן אין דײַן טרויער,
און ציטערן
בײַ דײַן בלײַבנדיקער רו.
ענדיק דאָס ליד,
און אָן אויפהער הויב עס ווידער אָן,
דו ביסט די ייִנגסטע האַפּטיקע אייביקייט
אויף אַ טרויערדיקן טראָן.
ווער פאַרפאַלן — און זינג.
זינג — און ווער פאַרפאַלן ווידער.
דור נאָך דור,
וועל איך קומען שטיין,
בײַ דײַנע לידער,
און שטייגן אין דײַן געוואַגטן טרויער.

## די לידער בליען

דו שרייסט —
און די לידער בליען.
די נאַכט
פירט דעם ווינט
און דער טויט חלומט.
אַליין
דאַרף אויסגעחלומט ווערן.
צום אויסשרייען
איז נישטאָ גאָרניט.
דער תהום
וועט איינדרימלען,
און זיך עפענען ווי אַ סוד.
דו ביסט וואַך
צו דער פאַרבאָרגנקייט
און גרינג
צום פאַרגעבן.

## שטאַרק

מיט דיין וואָרט
ווערסטו אַזוי שטאַרק —
ווי די ערד אין חלל.
דער ווינט צינדט אָן
דיין טרויער,
זאָלסטו איינזען
די אייביקייט.
שטערן דרימלען
אויף דיין קאָפּ,
ווי אַ תפילה פאַרן טויט.

# פאַרוואָס

פאַרוואָס זאָל איך
אינם קלאָרסטן לאַנד,
זיך שרעקן פאַר נויט?
פאַרוואָס
בין איך ביי זיך פלוצים
געוואָרן אַזוי חושך טייער?
וויפל איז דער שיעור
זיך אַרומחלומען
מיט אַ געפעלשטן פייער,
און רוען
אין אַ געפעלשטער שטילקייט?
כ׳וואָלט נישט געדאַרפט
אַפילו שרייבן אַזאַ ליד.
ווייל כ׳שעם זיך אינם ליד.
מען טאָר ניט אַריינברענגען
קיין בושה אין ליד.
יעדער ייד
ווערט דאָך געבוירן
צו גיין קיין ארץ ישראל.
אויפלויכטן אין ירושלים,
און אויסברענען אין צפת.
איך דערפיל שוין יעדער מאָל —
אַז ס׳וועט אַזוי זיין:
די וואַנדערנדיקע שעה
קומט ווי אַ נבואה אָן —
אין אַ רגע,
וואָס וועט ניט וואַרטן לאַנג,
וועל איך זיך אָפּזונדערן
פון אַלץ,
צום באַנייטן גאַנג.

# טרייסט

טרייסט זיך איצט,
וואָס דו ביסט געווען אַ מענטש.
וואָס דו האָסט געהאַט
אַ שטיקל אייגן לעבן.
אַ וואָרט,
מיט אַ ביסל שטילקייט
אַרום דיינע טריט.
מיט פּחד,
וואָס איז ערגעץ ווייטער —
איצט האָט די שטילקייט
זיך דערשלאָגן צום ראַנד.
אַפילו דער פּחד
הויבט דיך אָן פאַרלאָזן.
דערהויב די טרויעריקייט,
און פאַרזיגל זי
מיט אַ שפּירעוודיקן וואָרט.
אפשר וועט נאָך אַ דערבאַרעמדיקער נס
דיך אויפזוכן.
אפשר קאָנסטו נאָך ניט
דעם גאַנצן חסד.
די שורה פון חסד
האָט זיך אַריינגעמישט
אין דיינע ספיקות.
פאַרהענג מיט איר דעם טרויער.
בלייב שטילער
אונטער דעם קליינעם פאָרהאַנג.
בלייב רואיקער — און פאַרטרוי זיך.

## װעסט נישט אויפהערן

װעסט נישט אויפהערן
װעלבן דײַן געפּעכטּ.
װעסט ניט אָפּחלשן
און פֿאַרשװינדן.
דײַן עקשנות
װעסטו באַטרוימען
און באַגרינדן.
װעסט זײַן עזותדיק
און ליכטיק.
דיך געפֿעלט
דײַן דינער גילגול —
דײַן אויסטערליש
פֿרײַ געזיכט.
דײַן סוד,
װאָס איז אויפֿגעריכט
אײביק.

## דײַנע רײד

דײַנע רײד,
װאָס מער זײ זאַמלען זיך צונויף,
װערן זײ רײן
פֿאַר אײנזאַמקײט.
זעסט װי די ערד
איז רואיק פֿון אײנזאַמקײט,
און װערסט אויך אַזוי רואיק.
טוסט אָן דעם װינט פֿאַר אַ קלײד,
און אײנזאַם איז דײַן גוף.
דאָס פֿאַרנאַכטיקע,
און דאָס פֿאַרטאָגיקע,
האָט פֿאַרן אמת
דעם זעלבן סימן.

# ווערטער

די גרויע מורעשקע,
וואָס קריכט אויף מיין פענצטער,
איז אַ שאָטן
פון אַן אַלט וואָרט.
ווען איך וואָלט געקאָנט
פון ווערטער אויפרייסן די אותיות,
וואָלטן אַרויסגעשפרונגען
אַלטע טייכן,
ווייסע אייזלען,
וואָס ס׳איז נישטאָ צו זיי
קיין גלייכן.
ווייטע וועלטן
און אָפּגעהעקטע אייביקייטן,
וואָלטן צעלייגט
אין אונדזער שטאָט
זייערע געצעלטן.
ווינטן
וואָלטן זיך געקומען קריגן,
און וועלדער
וואָלטן זיך געגרייט דרימלען.
אָפּגעקילטע הימלען,
וואָלטן זיך גענומען
פייערן וויגן.
געגליט
מיט פאַרפאַלענע פאַרטאָגן.
און אַ רויך
פון אויפגעלייזטע גנאָדן,
וואָלט מיך ערגעץ
פון דער שטאָט פאַרטראָגן.

# דיינע חלומות

דיינע אויגן
זיינען שוין ווי ביי אַ זיידן,
און דיינע האָר
זיינען פאַרעלטערט געוואָרן.
די נעכט יאָגן דיך אַרום,
און דו מיינסט,
אַז זיי ווייזן דיר זייערע שטערן.
אַזוינע חלומות, ווי ביי דיר,
האָבן נישט קיין אָרט.
בלאָנדזשען זיי צו דיר —
און פאַרהאַלטן דיך
דיין גאַנץ לעבן.
גיסט נישט צו וויסן קיינעם,
אַז דו מאַטערסט זיך אין אַ חלום.
קוקסט זיך נישט אום,
ווי דיין פּחד שטייט
און וואַרט אויף דיר.
דיינע ביטערנישן קלייבן זיך
אָן באַוואָרענישן.
אָט שטילסטו איין
אַ פאַרביטערטע שעה.
רעדסט מיט ווייכע ווערטער
צו די קנייטשן אויף דיין נשמה.
ווער ס'האָט דיך געזען —
דערמאָנט דיך נישט.
די צייט ציטערט אַרום דיר
און לעשט זיך ווי אַ שטערן.
אַז עמעצער קומט שוין צו דיר צו,
פרעגט ער דיר,
וואָס דו ווערסט אויפטאָן.
און דו ווייסט נישט אַליין,
וואָס דו ווערסט אויפטאָן.

# ענלעכקייט

מיט טרויעריקער הייליקייט
האָט דיין טאַטע דיך אָנגערירט,
און דיך געמאַכט
ענלעך צו אים.
נישט נאָר דיין געשטאַלט
איז געראָטן אין אים.
מיט אַלע גרויסע רגילותן
ביסטו אַזוי ווי ער.
נאָר די גאָר דריבנע —
וואָס זיינען געווען אין אים
פול און פאַרצאַמט —
האָבן זיך פאַרלאָרן פון דיין אויג.
דאָס זיינען געווען
די איידלסטע רגילותן.
די איידלסטע און די קלענסטע.
ווען דיר געלינגט אַמאָל אריין
אין זיינע קלענסטע רגילותן,
ווערסטו ווי ער,
מיט זיינע אַלע נסימדיקע
פינקטלעכקייטן.
אויך דיינע אינעווייניקסטע אברים
ווערן ווי זיינע.
די שטילקייט איילט זיך אין דיר
ווי אין אים.
אַ דערשראָקענע, שטילע שנעלקייט
טראָגט אום דיין ליד.
זעלטן זיינען אַזוי
אַ טאַטע מיט אַ זון.

נאָר ביי דיר, דאַרפסטו גיין לאַנג,
ביז דיין טאַטנס שטילקייט
נעמט דיך אַרומפירן.
דאַרפסט שטרויכלען מיט חלומות,
ביז אַזאַ צער ווערט אויסגעפינען.
און ביי אים איז אַזאַ צער
געווען תמיד אויף זיין קלאָרן אָרט.
תמיד האָט ער געזען
זיין ערשט אָרט.
די לבנה פון די אָבות,
האָט אים תמיד פאַררעדט
ביימפענצטער.
אים אויסגערעכנט די יומים טובים
און זיי פאַרסודעט אויף אייביק,
אַ זיפצנדיקער שמע ישראל
האָט אים באַרואיקט
אויפן גאַנצן אומעטיקן טאָג.
אָבער דו האָסט נאָך אַלץ
אַ דוחק אין הכנעה.
אין דיין שמע ישראל
איז נאָך נישטאָ
אַזאַ העלע יללה
ווי ביי אים.
אַזאַ שטענדיקע
פרישע שטוינונג.
אַז דו ווילסט
ווערן ענלעך צו אים,
דאַרפסטו אים זען
אין זיין העלדישן וואַנדער.
דאַרפסט קענען
זיינע מהלכן
ביז צום מלך פון דער וועלט —

## די שטומע גרייטקייט

די שטומע גרייטקייט
איז נאָך אַלץ אויבן אָן.
דאָס פעלד איז הייליק
און די ערד איז נישט געזייט.
נאָר די גראָזן,
וואָס זיינען געוואָקסן פון זיך אַליין,
שמעקן מיט אַן אומשטערבלעכן חן.
אויך דער ווינט איז דאָ
און דאָס גאַנצע הייליקע כלי־זיין.
ס׳פעלן בלויז פאַרגאַפטע געזיכטער.
צערודערטע, פייערלעכע טריט פון שמחה.
ליפּן, וואָס זאָלן אויסשאַלן דעם קיום.
דעם הימל
קאָנסטו זען ווייטער — ווי תמיד.
ער איז אָפן און אייביק.
נאָר אַ גרויסן עולם,
וואָס איז גלייביק
צו נישט קיין באַצאָלטע זאַכן,
זעסטו נישט
אויף די נסימדיקע פלאַכן.

## אַ שאָטן

איך פיר זיך אַרום
מיט אַ שאָטן,
וואָס איז פול מיט רייד.
די ערד איז גרויס —
און די דאגות
וואַרעמען זיך אין חלומות.
שטערן
צינדן זיך פון מיין האַרץ,
און ווערן גאָלדענע שמות.

# פיר מיך

פיר מיך צו יענער נאַכט,
וואו איך האָב מער נישט געהאַט
ווי קיין איינציקע גאַס.
וואו די גאַס,
איז די גאַנצע נאַכט
געווען קאָסמיש.
וואו דער צווייטער שטאָק
פון מיין שטיבל,
איז געווען די נאַכט אַליין.
פיר מיך צו יענעם אָרט,
וואו דער ווינט האָט געקלאָרט
ווי אַ קדמון.
וואו דער צער,
איז געווען אַ זייל
פון מיינע אָבות.

# ס'איז נאָך פרי

ס'איז נאָך פרי פאַר מיר איצט
ווערן פרעמד פאַרן טאָג.
מיין וואָרט איז בלויז שטיל —
און ניט ווייס.
זע ווי גאַנץ
ס'איז נאָך, ג—ט, מיין פנים.
ווי מיין האַרץ
איז פאַר'דביקאָט צום דרויסן.
אין מיין שטומקייט
רוישט אַ רחמנות.
מיין טראַכטן
שטומט מיט התגלות.
מיין ליד איז אין שיין
און אין אויפטו.

## כ׳ווייס נישט

כ׳ווייס נישט
צי איך האָב נישט געפאָלגט.
ס׳האָט זיך קיינער נישט באַמיט
איך זאָל אים פאָלגן.
קיינער איז נישט געווען
ער זאָל מיך פירן.
כ׳האָב זיך נישט קעגנגעשטעלט
קיין געטריי געשטאַלט.
נישט פאַרמאָגט
קיין פאַרגרעבטע עקשנות.
די שטרויכלונגען האָבן גערוט,
און מיך נישט ווי געטאָן.
זיי האָבן גערוט ווי הייליקע —
כ׳האָב געשריגן און געשטרייט.
מיין גורל איז באַשעדיקט געוואָרן.
כ׳האָב פאַרלאָרן יאָרן,
און געפונען ווייטיק.

## כ׳האָב דיך אויסגעווילט

כ׳האָב דיך אויסגעווילט,
ווייל דו ביסט צעאַקערט פון טרויער,
און פאַרזייט מיט אמת.
אמת איז דיין תיקון,
און אין דיין בליק
איז הער שפרונג פון חסד.
דו ביסט שוין געראָטן אין מיר,
און צום טויט
וועלן מיר נאָך ווערן
געראָטענער.

## דער גראַטעוועטער

ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער נס
און דער בטחון
בליצט פון זיין מויל.
נאָך אַלע פאַרשטאַנענע גרוילן
איז ער ווידער דאָ.
דער גראַטעוועטער און די מדבר
זיינע בייחע אַ פּאָר.
צווישן דער מדבר און אים —
וועט אַלץ ווערן קלאָר.
ער קומט צו צום נגב
ווי משה צום דאָרן.
פון פאַרלענדונג —
איז ער אַהין פאַרפאָרן.
ער מעסט אוים מיט זיינע אויגן
וויפל ליכט אַ מדבר האָט.
האָרעוועט,
ביז די פאַרשטיינערטע ערד
הייבט אָן טרערן.
ביז דער טרויער
רייסט אוים אַלע דערנער,
און אַ שטילקייט
יובלט פאַר ג—ט.

## צייט־פערזן

איך האָט מיר געגעבן
אַ בייכיקע, געבעטע שטול,
און אַ צעמישטן קאָפּ.
גיט מיר בעסער
דעם דלות און די שטילקייט.
דעם פאָרכטיקן פאַרגעניגן
אויף ליידיק ברויט.

## ביסט אַן אומעטיקער מענטש

די אַנגעוואָרפענע שטילקייט,
וואָס ליגט אויף די וועגן
און איז הויך ביז צו ג—ט,
שלעפּסטו
פון איין אָרט צום אַנדערן,
מיט אַ טראָט
און נאָך אַ טראָט.
ביסט אַן אומעטיקער מענטש
און ניט מער.
ס'זעט עפּעס אויס,
ווי דו שטייסט צווישן פאַסטעכער,
און טאָמער פאַרלירט
עמעצער אַ שאָף,
גייסטו זי אַוועק זוכן.
זוכסט
די שאָף צווישן די שאָטנס —
און אַז דו געפינסט
באַנאַכט די שאָף,
קוקסטו ווי זי שלאָפט מיד,
און אונטערן וואַרעמען ווינט
שפּאַרסטו אויכעט צו דיין פּנים.

## שווערע ווערטער

האָסט נישט פאַרפעלט
ביי די גאָלדענע ברעגן
זיך ערגערן.
אַזוי פיל קוילן פון צאָרן
האָבן אַרומגעברענט
דיינע ריינע אויגן.
איצט קאָנסטו
זיך ניט מוחל זיין,
וואָס די רשעים האָבן דיך פאַרנאַרט,
און דיך בייגעקומען.

גייסט אַ צעטרייסלטער
קויק צו באַרואיקונג.
די וואונדן אויף דיין פּנים
ווערן שטיל,
נאָר אַזוי גרוים —
ווי פריער.
אַלע שפּורן זיינען פאַרבליבן,
און בלויז געוואָרן שטום.
ס׳הערשט אַ שטומקייט
פון וואונד צו וואונד.
די פאַרעלטערטקייט,
וואָס איז העכער פון דיינע יאָרן,
איז נישט צום אַראָפּזינגען.

## טרויעריק

טרויעריק איז מיין חלום,
נאָר איך גיי אַביסל פרייליך.
דער פרישער ווינט
באַהאַלט זיך אין מיינע אויגן.
איך שפּאַן צווישן ביימער,
און זעץ זיך
צו די וואָלקנס אַנטקעגן.
אויף מיין קליינעם שוים
שטומט די ווייטקייט.
וואו איך וועל דורכגיין,
וועלן פייגעלעך
פאַרזינגען די וועגן.
ס׳וועט גיין אַ רעגן
און ס׳וועט אויפוואַכן
דער גרינער מאַך.

פון אַ בליץ
וועט זיך אָנצינדן דאָס ליד,
און בלענדן
ביז אָראָפּ הייליק.
דער טרויעריקער נס
וועט צונויפנעמען אַלע זקנים.
באַשירעמען אַלע קינדער,
און דער ווינט
וועט אַלעמען האַלטן אין איינעם.

## איך עוסק זיך

איך עוסק זיך
איבער אַ צעשטערטן וועג,
און בין ניט עולה
צום עול פון מיין איביקייט.
ווייט פונעם גורלדיקן עונג
אויף מיין אַלטער ערד,
פאַרגראָב איך
מיין פאַרשפּעטיקונג
אין אַ טרער.
נאָר אַז איך וועל אָפּנעכטיקן
איין נאַכט
מיט שלימות אויף מיין געלעגער,
וועל איך אויך פאַרשווינדן
פאַר אַ טרעגער —
אין דער שטוינענדיקער פּשטות
פון ארץ ישראל.

# אויף דער וועלט

ס׳זיינען פֿאַראַן אויף דער וועלט
אַ לופּטיקער הימל
און אַ שווערער חלום.
צום גוף
איז ניטאָ קיין שלום.
די אברים
זיינען אַזוי ניט זיכער.
אַפּילו אויסטריפֿן דעם טרויער
בלייבט ניט קיין צייט.
דער טויט איז ווי אַ מבול
וואָס הערט ניט אויף.
ס׳איז ניטאָ
פֿאַר קיינעם קיין תּיבֿה.
אויך ניט פֿאַרן מענטש,
וואָס איז גרויס ווי נח.
מיר שטאַרבן
אונטן
און אויבן־אָן —
אויך די לידער
קאָנען קנאַפּ דערמאָנען,
וואָס מיר האָבן ערשט געטאָן.
איינער דעם אַנדערן
שטערט זיך אַרומזען.
די שעה
ווערט צעריסן פֿון די הענט.
קיינער לאָזט ניט
דעם צווייטן
ריין ווערן אין רו.
גיין אין אַ בלויען רעגן
אַ פֿאַרגלייבטער.
חלומען
מיט שמייכלען און מיט זיפֿצן.
זילבערן אין דער נאַכט
מיט געשנקטע טרערן.

.2

אויך די גרויסע שעה
איז אַן אָרעמע שעה.
ס׳איז אַ טרויעריקע צייט,
ווען דיין נשמה וואַכט.
פונדעסטוועגן —
ביסטו נאָר געבוירן צו דעם.
אַרומגיין מיט אַלע רגעס
צו ג—ט.
חלומען אין רשות
פון אַ שטרענגן,
הייליקן געבאָט.
ווילסט —
מען זאָל דיך לאָזן אַרומגיין
ווי אַ לויטערן קנעכט.
וואָס איז דען דיין מיין?
גיין
וואו די וואָר
ווערט פאַרלאָרן
און אָנטרעפן
אויפן דאָרן
וואָס ברענט.
זיך אויסציען אויפן גראָז,
און ליגן
אויף דיין טרויער זיכער.
זיך באַפרייען
פון אַלע וויסטע זיגן,
און פאַרבייגיין די ערד
מיט אַ הכנעהדיקן ניגון.

# דאָ

די ווייסע אַנונג
האָט נישט אָפּגעשוואַכט דיין האַרץ.
דאָס וואָרט פון טויט
האָט נישט אויפגעריסן דיין בלוט.
דיך נישט געשליידערט בכיוון.
דער גאַנצע גרויל
איז פון דעם גירעדיקן לעבן.
אַלע פּעטש
זיינען צו דיר געקומען פון דאַנען.
אויף די שריפות
אין דיין קאָפּ —
בלויז דאָ
האָט מען פאַרפּאַסט דיין וויטיק.
דאָ האָט מען אַכטונג געגעבן,
אַז דיין שיין זאָל שימלען.

# הכנעה

די נאַכט בלויט איבער מער שטח
ווי דיין ליד,
און דיינע געדאַנקען בוקן זיך
צו דער אָנקלאַנגיקער בלויקייט.
שטייסט ווי אַ היינטיקער,
און ווי אַ נעכטיקער קנעכט
פאַר די שטערן,
און נאָך דיין ליד גייסטו אויס
מיילן געטלעכקייט.
מיט דער ערלעכסטער הכנעה
אין דיינע טריט,
טרעפסטו פּאָרט צו אַ שטיקל ברעג
אין דער וועלט,
וואו אָן הכנעה דערגייט ניט קיינער.

# האָסט נישט געזוכט

האָסט נישט געזוכט
אַנוואַרפן קיינעם,
די קלעמונג
פון אַ צעררייצטן ציטער.
די ראַנגלענישן
איידער זיי זויבערן זיך אויס.
דעם געשטרויכלטן שוואונג
האָסטו באַהאַלטן אין זיך.
האָסט זיך שטענדיק
נאָר געוואָלט הייליקן,
ווי דער אינערלעכער שטום
פון דיין לשון.
ווי די קלאַנגען,
וואָס קלינגען
נאָך אַ תיקון.
דאָס איז געווען דיין ווילן
און דיין וואונדער.
האָסט געפילט,
אַז אַזאַ רגע
גייט איבער דיר —
און באַזינגט דיין אויסזען.
אַ העלע ליידנשאַפט
פאַרשניידט זיך
אין דיין בליק.
נאָכדעם —
האָסטו געשפירט אין האַרץ
אַן איינזאַמען, אומפאַרגעסלעכן יום-טוב.
אַ לויטערקייט —
וואָס טוישט דיך איביק.

# האָסט זיך תמיד באַנייט

האָסט זיך תמיד באַנייט
מיט אויפגעהעלטע שאָטנס
פון אַ ווייטער צייט.
מיט נעפלען,
וואָס אָפּערן זיך
צו דער ערד.
דאָס פאַרטרערטע געזיכט
האָסטו אָפּגעדעקט אויף אייביק.
ביידע וועלטן
האָסטו איינגעזען,
און שטיל געמאַכט
זייער קריג.
האָסט נישט פאַרפאָלגט דעם אומרו,
און זיך נישט געגרויסט מיט רו.
דו האָסט זיך תמיד אַנטפּלעקט
און ווידערהאָלט די גאולה.
אָנגעמערקט
דעם ווייטן נס,
און אים אויפגעקלערט
דורך אַ שיין פון דער לבנה.
דורך בלענדיקע רמזים
פון אַ פאַרטרוילעכער כוונה.
דו לאָזט איבער אַ פּנים,
וואָס וועט תמיד פאַרייִנגערן
די ייִנגע שאָטנס אויף דער ערד.
איין צייט — און איין ג—ט —
וועלן בלויען אַרויף — און אַראָפּ —
פון דיין יעדן טראָט.
ביי יעדער דור וועסטו זיין —
ווי דו ביסט מיט אים געבוירן,
און ביי יעדער בית עולם —
ווי דו ביסט קיינמאָל ניט געשטאָרבן.

## די באַהאַלטענע שטילקייט

די באַהאַלטענע שטילקייט,
וואָס דו האָסט זי נאָך מערער
אויסבאַהאַלטן ווי זי איז,
דרימלט קעגן דיין פּנים,
ווי אַ העלער ריז.
ווילסט היינט זיין אָן די לענדער,
אָן זייערע יסודות,
און אָן זייער טומלדיקן גנאָד.
זיי זאָלן ניט דורכשאָטענען
דורך דיין גלאָז וואַסער
מיט דראָאונג.
דאָס וואָס דו טראַכסט,
זאָל נישט אויפגעשוואָלן ווערן
אַלעמאָל,
דורך זייער געדרענג.
זייערע מעת-לעתן
זאָלן נישט אויסעסן
דיין נאַר וואָס
אָנגעהויכטן איבערכאַפּ.

## אַלע טאָג

אַלע טאָג הויבן זיך אויף
פון מיין האַרץ עטלעכע ווערטער,
לאַנדן אין דער בלאָ.
איך פאַרצייכן
אין די הייכן,
מיין פאַרשטאַנד יעדן טאָג.
איך ווער פול,
ווען איך אייל
מיט נאָך אַ שטילקייט
צו ג—ט.

## שלום

מ׳יר האָבן שלום געמאַכט
מיט דעם איינצעלנעם, ווייסן וועג,
און דעם שלום
פילן מיר אָן מיט אייביקייט.
אין אונדזער טרויער
האָבן מיר גאָרנישט פאַרזען.
אַלץ האָבן מיר דערבליקט,
און וואָרעם פאַנאַנדערגעטיילט.
אין דעם וואַכן דרימל,
ווערן מיר בלויער און בולטער.
דער באַשייד ווערט געזעענער,
ווען אונדזערע פנימער ווערן זיך ניט.
ווען דער טרויער
ווערט געשטאַרקט מיט שלום,
און די איינזאַמקייט ווערט באַוואַכט
פון אַ פאַרגאַפט וואָרט.

## די שטילקייט

די שטילקייט
האָט דיך באַצוואונגען,
ווי דער דעמער דעם הימל.
וואו דו גייסט — איז שטילקייט.
וואו דו לייגסט זיך — איז שטילקייט.
דיין געשריי
איז אין אַ הייל פון שטילקייט.
ווערסט אויפגעבראַכט און ווידער ווייך.
זעסט די שטומע שטערן
און פאַרקילסט מיט זיי דיין כעס.
הערסט פון דיין אויג
די סך־הכלדיקע טרער,
און פאַרשלינגסט דיין געשריי.

# באַשטענדיקייט

ס'איז דיר קלאָר געוואָרן פון דיין לעבן,
אַז די לבנה באַשטענדיקט די פעלדער
מיט ווייסן ליכט,
און דער שניי —
מאַכט זיי נאָך באַשטענדיקער.
אַזויפיל פאַרהוילענער טרויער
ווערט ביי דיר באַשיידט
צווישן לבנה און שניי.
צווישן די צוויי ווייסע ווייטקייטן.
ניט אונטער דער זון,
נאָר אונטער דער לבנה —
האָסטו כמעט געירשנט
אַלץ וואָס דו ווייסט.
אַזוי ווי די ערד אונטן
צום בלויען אויבן
אין די בולטע ווינטער-נעכט,
ביסטו תמיד געווען
צו אַ ווייטן וועזן.
האָסט נאָך גאָרנישט געהאַט
קיין ממשותדיקס,
און דערפאַר
ביסטו אַנדערשער אויף דער ערד.
און אַנדערשער וועסטו אַרויף
אין דעם ניט ממשותדיקן טויט.
יעדער ציט צו דעם,
וואָס איז שטאַרקער פון אַלע רייד,
וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן
און אַנטלאָפן
פון יעדער רירעוודיקן באַשייד.
זאָל דיך נישט אַרן,
וואָס דו וועסט נישט האָבן
קיין חומרישן אויסזען,
קיין טרויער,

וואָס איז פאַראייניקט מיט ברויט,
צער, וואָס איז זאַלבאַנאַנד
מיט דיין קלייד.
דיר וועט זיין בעסער —
זינגען צו דיין נאָענטסטן וועזן
און עק וועלט,
קריכן אין דער קעלט,
וואָס צעשיידט אייך.
ווי דאָס באַשנייטע פעלד צו דער לבנה,
און צו די נאָך העכערע
לבנות ווייטער —
אַזוי אומגעצוימט און ווייס
איז דיין שווייגן
צו דער אָנגעלאָדענער בלויער קראַפט.
טייערער ווערט זי דיר
פון זמן צו זמן.
און נאָך טייערער — אין די זמנים,
וואָס ווערן נאָענט ווי אַ טיר צום טויט.
ווי אַן אַריינגאַנג צו דעם,
וואָס איז אויס ממשות,
און שווייגט מיט אַזאַ ווייטקייט
וואָס איז נאָר אין ג—ט.
אויב דאָס, וועט עמעצער רופן איינזאַמקייט,
זאָל ער הערן, ווי דו פאָרכסט זיך
פאַר דער דאָזיקער איינזאַמקייט.
ווי דו פאַלסט פאַר איר אין ציטער
מיט דיין פרוכטיקער ליבשאַפט.
זאָל געבענטשט זיין דער ווילן,
וואָס האָט דיך נאָר אַזוי
איינזאַם געמאַכט.
דיין תפילה צו ג—ט,
און דיין תפילה צו זיינע מענטשן,
וואָס האָבן דיר געהאָלפן
שטעלן דיינע ערשטע טריט,
אין אַזאַ גערולדיקער, העלער איינזאַמקייט.

# צאָרן

דער צאָרן
וועט פאַר דיר גאָרנישט אויפטאָן.
ער וועט נאָר אויסברענען
זיין צורה אויף דיין פּנים.
ער וועט אויספּיקן דיינע אויגן.
דיר איז שווער
מיט אים איבערזיין אַ טאָג.
זיינע מעשיות דערשרעקן דיך.
ס'איז דיר פינצטער,
ווען ער איז ליכטיק.
ווילסט נישט
צו טאָן האָבן מיט אים.
דאַרפסט נישט קיין שלאַכטן.
צייל בעסער
דיינע יאָרן אין שטילקייט.
זיי נישט רירעוודיקער
ווי דאָס פעלד.
ציִ זיך קריק
צו דיין אָרעמער האָפענונג.
גיי דאָרט
ביזן סוף פון דיינע טעג.
אַז דו וועסט גיין,
וועט זי נישט אָרעם זיין.

## העכער פון דער וועלט

איך בין געוואַקסן
העכער פון דער וועלט.
נאָר קליין
בין איך נאָך אַלץ פאַר ג—ט.
שטאַרבן —
בין איך נאָך צו קליין.
פאַר דאָרטן —
בין איך נאָך ווייניק.
איז ווי קומט מען
אַ הין צו גיין
אַז פאַר דער וועלט
איז מען גרויס
און פאַר דאָרט —
קליין.

## אין אַ שטילן טאָג

אין אַ שטילן טאָג,
ווען דער ווינט
וועט עלטער ווערן,
וועלן מיר זיך ביידע
איבערבעטן.
די שטילקייט
וועט זיך פאַרציען לאַנג,
און מיר וועלן ביידע
דערפון זיין געטרייסט.
פאַרנאַכט
וועלן מיר אויסזען,
ווי מיר האָבן זיך געפאַרכט
דעם גאַנצן טאָג.

## די עלטער

די עלטער ווערט אַנגעזעענער
ווי די שטילקייט.
די יאָרן ווערן עזותדיק —
און איך ווער שוואַך.
די מי איז נאָך נאַקעט,
און נישט אָפּגעטאָן,
און דריקט אָן דאָס האַרץ.
די האָפענונג
איז שטיל ווי אַ רינד,
און נישט באַדאַכט.
גיב מיר, ג—ט ,כוח
איך זאָל אויסקומען מיט מיין טרויער.
די רויכן,
וואָס העלן פון מיין האַרץ,
זאָלן זיין באַוואַכט.

## העלף מיר, ג—ט

העלף מיר ג—ט,
איך זאָל זיך מיט גאָרנישט
אָנזען.
איך זאָל מיין געשטאַלט
נישט אָנפּעלצן
ווי אַנדערע.
דו ווייסט דאָך, ג—ט,
אַז נאָר אין שטילקייט
קאָן זיין איינגעאָרדנט
מיין גורל.
אַז נאָר אין שטילקייט
קאָן איך דורכבליקן
דיין קול.

## אין שטוב

אַ גאַנצן טאָג זיצסטו אָפּ אין שטוב.
היטסט אַ וועלט אין דיין שטילן מורמל.
וויפל וועלן עפענען דיין טיר?
אריינגיין —
און מיט דיר וועלן איבערבלייבן?
נאָר אפשר ווילסטו נישט
דיין טיר זאָל ווערן אָפן.
ווילסט שווייגן ווייטער —
האָסט מורא פאַר ביטול שווייגן.
דאָ — האָסטו דעם אָפּגעזונדערטן טיש.
דעם געאיינציקטן פענצטער.
האָסט נישט קיין צייט
זיך אָפּזונדערן פון זיך.

## כבוד

זאָל דער כבוד, ג—ט,
זיך קרימען איבער די קעפּ,
וואָס זיינען קרום.
ווען ס'וועט מיין קאָפּ
זיך וועלן בוקן,
טו מיין קאָפּ — אַ קלאַפּ.
מאַך מיך
פאַר אַ שלים-מזל
יעדן טאָג,
אַבי נישט אָנרירן
דאָס מזל,
וואָס איך האָב פיינט.
שענק מיר שלום —
נאָר ניט דעם שלום,
וואָס איך פאַרלעש
ווי אַ שריפה.

## געשריי

באַשאַף דיין געשריי.
דערפריש
מיט געשריי דיינע חושים.
טייל דיין געשריי
דיינע אורחים.
שריי
פון דער גאַנצער יבשה,
פאַרשריי
מיט דיין קול די שקיעה.
יום־טוב
און רו אין דיין טענה.
שריי
און געווין דיין מזל.
גיי פאַרטראַכט
מיט די העכסטע קולות.

## די זומפּן

די זומפּן זינגען אין דיר אַריין
און דעקן זיך איין מיט זון.
דער שטיינערנער צוקאָפּנס ביים טייך
פּראָסטיקט געשווינד.
די גרינגע כמאַרעס
באַגעגענען זיך אינם ווינט.
מאָרגן
וועט דער שנייאיקער פאַרטאָג
אַרויסבליצן שטום.
דער שניי וועט שיטן,
און די קאַלטע פייגל
וועלן זיך צעהיצן
מיט אַ לאַנגן ניגון.

# אַ חלום

אַז איך ווער אַ חלום,
ווערט דער הימל אַ ווינט,
די פייגל הייבן אָן טראַכטן
פריער פון נאַכט.
די שיין פונם ים
איילט צו די וואָלקנס.
אויך דער גאַנצער זמן
אין מיין באַלויכטן ליד,
ענדיקט זיך פריער.
איך —
און אַלץ, וואָס איך באַמערק,
קומען אָן פריער
מיט אַ בלענדיקער שעה צו ג—ט.

# צווישן לענדער

ס'איז ווידער
צווישן לענדער דאָ,
דאָס טייערסטע לאַנד פון בראשית.
אַן אָנגעהויכטער חלום
האָט זיך דערשריגן
צו אָפּגעזונדערטער גשמיות.
ס'נעמט זיך נאָכאַמאָל
אויסצאָלן
אונדזער ווייטיק
מיט וואונדער.
און דאָס איז ערשט
דער אָנהויב
פון אונדזער וואָרן אויסגעשריי.
פון די ערשטע מאַמרים,
וואָס מיט זיי
וועקן מיר אויף דאָס לאַנד.

# די אַלטע לבנה

וועסט נאָך צוריקרופן
די אַלטע לבנה,
צו דיין שטאָלצן פענצטער.
וועסט נאָך קומען
אויף אַ פאַרזאַמלונג
פון דיין שטאָט,
און זיך אַרויסזאָגן
מיט אַ פאַרצייטיק לשון.
וועסט נישט קאָנען
פאַרמעקן
דיין קרובהשאַפט
מיט איר סודותדיקן שטייגער.
די לבנה
וועט נאָך דרימלען
אין דיינע ביינער,
און אָנהאַלטן אין דיין בלוט
אַ העלן גלייכגעוויכט.
אַ באַהעפטנדיקע שטילקייט
פאַר דיין צער.
באַנאַכט
וועסטו זיך פאַטאַל
אונטערגעבן
איר גרינדלעכן דרך.
איר נזירישן שיין,
וואָס איז עולל אמת.

# דיין פרימאָרגן

דיין פרימאָרגן
איז ווי אַ תיבה אויפן וואַסער
פון אייביק אָן.
דאָס וואַסער איז הויך
און שפּאַרט דיך צו די הימלען.

די חיות דרימלען
און פאַרלאָזן זיך אויף דיר.
זעסט נישט קיין חורבות
און נישט קיין שטעט.
דיין געבעט
האָט דיך פאַרעדט
אויף אייביק.

## אַ הספד

ער האָט פאַרמאָגט
אַ גינסטיקן גוף פאַר בענקשאַפט.
אַ פאַרחלומטן חומר
צו זיין באַשעפער.
נאָר די וואָר
האָט געדרויכערט אויף אים ביטול.
פאַרמיאוסט זיין תמימות.
ער האָט פאַרשטאַנען,
אַז זיין גוסט
וועט מוזן וועלקן.
אַלעמאָל
האָט אים צוריקגעוואָרפן אַ ווינט,
און ער איז געוואָרן טרויעריק
ווי אַ דערטרונקענער.
ווי אַ געבונדענער
אין אַ מדבר.
ער האָט זיך נישט געקאָנט
אַליין ראַטעווען.
יעדע טרייסט
האָט ער אויסגעפרואווט
און דורכגעפאַלן.
אָבער זיין בענקשאַפט
האָט אָפּגעשטרייט לויטער.
זיין גורל
האָט געשטומט
מיט גוטס.

# גורל

פאַרטיפט האָבן מיר זיך ביידע
ביי דער ענדע פון טאָג —
אין דער נאַכט.
ווי אַ פויגל איז אויך געשטאַנען די נאַכט,
מיט אַ לבנהדיקן קאָפּ,
און מיט שוואַרצע פליגל.
ווערסט אפשר זאָגן,
אַז דער לבנהדיקער קאָפּ,
איז נישט ערגער פון דעם גאָלד באַטאָג.
און דער שוואַרצער סוד
איז אַזוי באַשטענדיק ווי אין דער ליכטיק.
ווערסט אפשר זאָגן,
אַז ביי וואָסער האַנד דו זאָלסט ניט שטיין,
איז דיין גורל ניט געהעכערט,
און די שטילקייט
פון דער זייט און פון יענער זייט,
איז אָן אַן אָפּשייד.
ווערסט אפשר זאָגן,
אַז דאָס וואָרט ענדיקט זיך ניט ווייט,
און ביזט ווי אַ שאָטן
אונטער דער אויפגעהויבענער בלויקייט.
דיינע אויגן עפענען זיך,
און די פאַרהוילנקייט עפענען זיי ניט אויף.
ווערסט אפשר זאָגן,
אַז דער אויסוועג איז אין איינזאַמקייט,
און דער תירוץ —
איז קיינמאָל ניט די וואָר.
איך זע די אויגן דיינע
שפּאַלטן זיך פון ווינט,
און דער ווינט איז היים און טונקל.

.2

ווי דער וועג
זאָל ניט אויסזען אין דיינע רייד,

ביסטו מיר אַ פּאָר
און אַ צוגאָב צום אומעט.
כ'וועל דיר ענטפערן
מיט מער גענויקייט אין מיין חלום,
און מיט מער בלויקייט אין קול:
אין מיין חלום
איז דאָ דער אויסגעקלאָרטער עיקר,
און אין מיין וואָרט
איז די אייביקייט ניט פאַלש.
ניט פאַלש איז ג—ט,
אין מיין אַליינזאַמען זיך אַרומזען,
אַז פון פרי ביז פרי
בין איך אונטערטעניק דער שטילקייט.
די פרידלעכע אומענדלעכקייט
העלפט מיר געפינען ג—ט.
זע ווי די נאַכט און דער טאָג
זיינען גינסטיק, פאַר אַנזאַמלען חלום.
די שטילקייט האַלט מיך אויף,
ווי דער שטאַרקסטער באָדן.
דאָס וואָס איך זאָג,
דרייט זיך ווי אַ וועלט צווישן וועלטן,
וואָס ווערט תמיד אָנהאַלטן.
קיינער קאָן מיך נישט פאַרלייקענען,
ווען מיין זאָג ווערט פייכט
צו מענטש און צו ג—ט,
צום ווינט און צום טויט.
מיר איז ליב
דער אויסגעשפּרייטער חלל,
און די באַשיידנקייט,
וואָס דעקט אים איין.
מיר איז צום טעם,
די נע וונדע הייליקייט
פון דעם וואַנדערנדיקן וואָלקן,
וואָס זיין גורל
איז צווישן ערד און שטילקייט.

.3

רוק זיך־צו צו מיר נענטער,
און זע אויף מיין פנים
די פאַרדאַגהטע נייגעריקייט,
ווי זי גליט אין גאָלד.
זע ווי מיר שטייען דאָ ביידע,
ווי געיאָגטע וואָלקנס
מיט חלומות אינעווייניק.
די גערעכטיקייט
איז צו אונדז טרויעריק און געטריי.
זי איז אַליין,
ווי אַ פאַרווייגטע מאַמע,
מיט צוויי זאָרגעוודיקע פליגל
איבער דער גאָרער ערד.
מיר וועלן זיך צוזעצן
אונטער דער מאַמעס פליגל,
און אויסטייטשן דער מאַמעס זאָרג,
וואָס פאַרפליט אין אונדזערע רייד,
ווי די שיין פון דער לבנה.
לאָמיר טייטשן,
אַז דער טויט איז נאָך קליין,
און אונדזערע ווייטע וועגן
וועלן זיך ניט אָנזען,
ווי פאַרשטאַרטע געמלען.
לאָמיר טייטשן,
אַז דאָס לעבן אין אונדזער האַרץ,
איז נאָך אַ גרויסער שטח.
לאָמיר גיין, פאַרשייטע פון האָפענונג,
און ניט פאַרדעכטיקן
אין דער שטילקייט קיין בייז.
און לאָמיר רעדן —
ווייל יעדער זאָג
איז אין אַזאַ צייט,
אַן אָנגעלאָדענער וועג.

## נישט גענוג

דיר איז נישט גענוג דער,
וואָס איז אַלעמאָל אַ מענטש.
וואָס זיינע בענקשאַפטן
און פאַרהעלטעענישן
בויגן אים צו זיין ענדע.
דיין שטענדיקער לבוש,
ווערט פאַר דיר צו איינטאָניק.
צו ענג — ווערט פאַר דיר
דיין געשלאָסן פּנים.
אויך פון דיין אויפגעפלאַטערטן וואָרט,
פלאַטערט אַ לאַנגווייליקייט.
אַביסל איינזאַמקייט,
וואָס איז נישט פון דעם,
וואָס דו ביסט,
וואָלט דיך אויפגעהויבן
צו אַ נייער אומוויסנקייט.
ס׳איז דיר באַשערט
צו זיין אומעטיקער ווי דו ביסט.
זעלישער — ווי דיין קליינער פאַרנעם.

## ווייטיק

כיהאָב געלאָזט דעם ווייטיק,
אַז ער זאַל אויפהערן זידן.
ער זאָל שטיל ווערן
און אייביק ווערן.
און נאָר אַזוי
וועט ער זיך קיינמאָל
ניט אויסלאָזן,
און תמיד
עמעצן שטיקן
מיט זיין שטילקייט.

## מיין ליד

וואָס ווייטער הויבט מיין ליד
אָן אויסזען אַזוי,
ווי כ׳וואָלט זיך געֶ׳עצה׳ט וועגן דעם
מיט ארץ ישראל.
איך פֿאַרשלים זיך
מיט ארץ ישראל
אין אַלע מיינע רייד,
און מיינע חלומות האַלטן אָפּ אַסיפות
מיטן אַלטן לאַנד.
די ארץ ישראלדיקע אינדערפריען
צינדן זיך אין מיין דראַנג.
איך זע זיי שטיין,
ווי גורלדיקע מבינים
ביי די ווינטן פֿון מיין וואונדער.
ביי די פינקטלעכע אָטעם-צוגן
פֿון מיינע ווערטער,
וואָס פֿורעמען
אַ גרויסע רגע אין דער צייט.

## איך קוק אָן

איך קוק אָן
דיין בענקען
און שווייגן.
דיין זיך אַריבערוואַרפֿן
איבערן ים אָן אַ וואָרט.
דיין חלומען
אָן אַ זילב אַ גאַנצן טאָג.
ס׳זיינען פֿאַראַן וועגן,
וואָס טרויערן מיר אַנטקעגן
ווי דו.
אָבער אַז דו ביסט ניטאָ,
זיינען זיי אָן אַ האַר.

## רעגן באַטאָג

כ׳האָב ליב
וואָלקנס אין דער ליכטיק.
כ׳האָב ליב אַ נאַסע ערד.
עס דונערט און איך רו.
כ׳קוק אָן
אַ פאַרעגנטע רגע.
כ׳זע ווי ס׳באָדן זיךביימער.
ס׳וואַשן זיך ווינטן.
ס׳ווערן ריינער
מיינע רייד אין רעגן.
איין וואָרט
ווערט גלויביק צום צווייטן.
ס׳ציט די רו
זיך צונויף צוזאַמען.
ס׳קומט די שטילקייט
אָן צוזאַמען.

## אין דער וועלט

האָסט זיך איינגעלעבט
אין דער וועלט,
נישט ערגער ווי די פייגל,
און קאָנסט זיין אַ שטילער שכן,
צו די שטערן אויבן.
די האָריזאָנטן
און דאָס גראָז
זעטיקן דיין זין,
און זיין פאַרטראַכט,
איז דיין בעסטער גורל.

# חרטה

די ליכטיקע היילן האָסטו פֿאַרמאַכט,
און אַוועקגעגאַנגען.
פֿאַרלאָזט
דיינע גילדענע שוידערונגען.
די פֿאַרחלומטע פֿאַרשעמונג
פֿון וואָרט צו וואָרט.
דיין טויט
האָט זיך צעקנאַלט אויף אונדזער שוועל.
אָנגעשטעלט
אונדזערע אָדערן צום טרויער.
אויסגעלופטערט די פֿאַרשטאָפּטקייט.
איצט וועלן מיר גיין
און זיך איבעררופֿן
אָפֿן מיט דיין לעבן.
אויספֿאָרשן
דיינע פֿאַרשווינדענע פֿאַרנאַכטן.
נישטערן אין דעם שאָדן,
און אויסחלומען
פֿון דעם פֿאַרלוסט אַ דענקמאָל.
איצט וועלן מיר אַלע
זיין קדיש-זאָגער
ביי דיין צעבליצטן יאָרצייט.
דאָפּלט וועלן מ׳יר זען דיין קול,
און שטומען אויף אונדזער שאַנדע.
אויפֿמאָנען ביי זיך אַליין
די פֿאַרהערונג
צו דיין גוואַלד.
מיר האָבן נישט באַדינט
דיין הייליקן אומעט.
דיינע אויסגעשטאַנענע
לאַנגע שעהן

אין איינזאַמקייט.
מיר האָבן איבערגעהיפּערט
דיין יינגן נס.
זיך נישט דורכגערעדט מיט דיין געראַנגל,
און ניט געשווינט דיינע חברישע שאָטנס.
געלאָזט נאַקעט דיין ווילן,
און ניט אויפגעשטאַנען
אָפּצוגעבן כבוד דיין געבעט.
מיר וועלן זיך צורוקן צו דיין טויט,
כדי אַוועקרוקן
די פריערדיקע צעשיידונג.
דיך משמש זיין אַצינד
מיט אָבלדיקער ריינקייט.
איצט ווייסן מיר,
אַז דיין טויט
האָט אונדז אַריינגעטריבן
מיט גוואַלד אין דיין היכל —
שטום
וועלן מיר באַנייען אונדזער עלנט,
אַבי צו דיר דערגרייכן.

## איך בין שטיל

איך בין שטיל,
ווי דער דאַך אויף מיין הויז.
איך בין גערעכט,
ווי צום דרויסן דער פענצטער.
דאָס געזאַנג
איז מיט אַזויפיל נבואה.
דער פאַרנאַכט
אויף מיין טיר איז אייביק.
די קילע נאַכט
איז מקבל מיין גאַנג.

## כ׳האָב געזאָגט

כ׳האָב געזאָגט צו מיין פענצטער:
דער שטח פון דיינע שויבן
איז פאַר מיר גענוג.
כ׳הויב אָן ליב האָבן
אַזאַ חלום,
וואָס קען איינשטיין
אויף איין אָרט.
איך בין נישט מיד געוואָרן
פון גיין,
נאָר דאָס גיין
באַרואיקט מיך ניט.
דאָס אָפּשטעלן זיך
האָט מיך מער באַרואיקט
ווי די נסיעות.
כ׳וועל נישט אויסנוצן
סיי ווי אַזויפיל העלע שאָטנס
אויף דער ערד.
מיט דעם שאָטן,
וואָס איך האָב אָנגעהויבן,
וועל איך זיך קאָנען ענדיקן.

## איינזאַם

ווילסט זיין איינזאַם
כאָטש מיט עטלעכע מענטשן.
איינער אַליין
קאָנסטו זיך איינזאַם נישט רירן.
דו אַליין,
ביסט נאָר אַ טייל פון איינזאַמקייט.
נאָר אַ קליינער טייל.
ציסטו
צו דיינע איינזאַמע טיילן.

## דער געזונטער טרויער

דער געזונטער טרויער
וועט זיך אויפהויבן
און גיין ביז צום ים.
דער געטרייער פלאַם
וועט איינדעקן
אַ האַלבע נאַכט.
אַרום דער הייך,
וואו ס'איז ניטאָ
קיין צעשיידטע ווייט,
וועסטו אויסקלאָרן דיין קול.
אַלץ וועט גיין,
ווי דער העלער צער
וועט פאַראויסזאָגן.
ווי דאָס וואָרט
וועט זיך אויסזילבן
אויף די לאַנגע וועגן.

## קיינמאָל ניט

דיך האָט קיינמאָל ניט
פאַרשלעפּט
דער גענאַר פון ווערטער.
דער אויסגעהאָדעוועטער שאָטן
פון חניפה.
ביסט נישט אויסן געווען
זיך קהלן
אינם ליד.
אַרויסשטעלן ווי אַ שילד
דיין שורה.
ביסט נאָר אויסן געווען
אָנקומען העל
פון דיין פאַרגאַנגענהייט.

## דער גאון

וועסט אַרויס צום וועג,
און קיינער
וועט דיך נישט באַגלייטן.
דער אויסגעדאַרטער גאון
וועט דיך באַגעגענען,
און איר וועט זיך רוקן
איינער צום צווייטן.
זיינע אויגן וועלן וואַסערן
פון זיין יעדער זאָג.
זיינע נאָזלעכער
וועלן טרוקענען
פון דער היץ פון טאָג.
ער וועט אַריינברענגען
צאַנקענדיקע עצות
אין דיין האַרץ.
אַרויפבלענדן
אַ בהלה אויף דיין בליק.
פאַרנאַכט
וועט ער די כמאַרעס שלעפן,
ווי צו אַן אַנדער וועלט.

## די ערד

די ערד וועט שוין אַזוי אייביק
קלאָרן אין הכנעה.
זי וועט תפילה טאָן
מיט די ווינטן
און מיט די גרויסע שטורעמס
וועט זי ווייזן
איר צעבראָכנקייט.
פאַרנאַכט וועט אַ שאָטן
זיך קייקלען אויף איר שטיל,
און הייליקן איר הנהגה.

## פֿאַרביי — אַן אייביקן

איך וויל וואוינען
אין אַן אָפֿן שטיבל,
אָדער דורכאויס
אין אַ ווייסן דרויסן
פֿאַרביי — אַן אייביקן.
כ׳וועל אפשר אַזוי
פֿאַראיינזאַמען די שעה,
ביז זי וועט ריין ווערן
פֿאַר אַזאַ קליין געצעלט.
איך זאָל נאָר קענען
אָנהויבן,
דעם טרויעריקן אָנהויב —
וועט שוין דערנאָך
זיין ליכטיק.

## אַלע שטילקייטן

אַלע שטילקייטן
האָבן זיך פֿאַרטיפֿט אין דיר.
פֿון אַלע ראַנדן
האָט אויפֿגעהעלט אַ ליכט.
האָסט געהאָלפֿן —
און ביסט געהאָלפֿן געוואָרן.
די נאַכט
האָט זיך געשפּאַרט צו דיר.
סודות האָבן פֿון איר אויסגעשטיגן
און איינגעשלאָפֿן.
האָסט געבענטשט זייער שלאָף.
אַלע רמזים
האָבן געקלאָרט צו זייער סוף.
אַ שטילקייט
האָט פֿון דיר גענידערט צו דער ערד.

## האָסט געטרויערט

האָסט געטרויערט,
און דיין טרויער איז בייגעקומען
דיין פאַרצווייפלונג.
דורך אַ גערייניקטן טרויער
האָסטו געבליקט,
ביז דיין פאַרשטייפט בלוט
האָט נאָכגעלאָזט.
נאָכדעם,
איז די מנוחה אַראָפּגעקומען
וואַך און וואַרעם,
און דיך ענדלעך
נאָכאַנאַנד געגלעט.
און דאָס איז געווען
די מנוחה פון לעבן.
פון דעם תפילהדיקן
שטערן־געקאַרבטן לעבן.
אָט אַזוי — איז זי געקומען
די איכותדיקע רו,
ווייל יעדער אבר
האָט זיך געעפנט מיט האָפענונג
און יעדער קרעכץ
האָט זיך געפּאָרט מיט שורש.

## אַ פאָלק

מיר זיינען אַ פאָלק פון וויצן
און פייערדיקע פאַרטראַכטן.
פון שטיין
אין גבול פון די לעבעדיקע
און תמימותדיק
אַכטן מתים.

אונדזערע טרערן
קלערן אַריין אין ג—ט.
צינדן זיך
מיט די ערשטע שטערן
און שאָטענען נאָך גנאָד.
אונדזער וואַנדער
איז אַן אויסדערוויילטער.
אונדזער האָפענונג
איז אַ פאָן פאַר הייליקע.
אַ ווינטיקער וואָגן
פאַרן חלום.
מיר וועלן נאָך נעכטיקן
אין שלום,
און שפּרינגען
אין די וואַרעמע פאַרטאָגן.

## פּשוט

מיט דעם חלום
האָסטו קיין שניט
נישט אויסגעהיילט.
קיין מכה
נישט איינגעדרימלט.
ס׳איז שטיל אַרום דיר —
און די אַנונג גרוילט —
אפשר איז בעמער
זאָלסטו דיין מנהג טוישן.
יעדערן איז גרינגער
צו שרייען.
ס׳איז גרינגער וויינען
ווי טרוימען.

# אונטער אַ וואָלקן

שטייסט פאַרטראַכט
אונטער אַ גרויסן וואָלקן.
דער וואָלקן
ווערט אַ האַלבער הימל.
אַרום דעם וואָלקן
הויבט אָן ווערן נאַכט.
הערסט ווי דער וואָלקן
מישט איבער זיינע פאַרבן.
ער דעקט איבער
די שטאָט און דיך.
אויבן —
דעקט ער איבער די שטערן.
וויפל שטערן ער דעקט איבער —
ווייסטו ניט.
דערלאַנגסט דעם וואָלקן
אַנאָר מיט דיין ליד.

# ווער אַלט

ווער אַלט — און זיי שטיל.
ווער שטיל —
ווען דו בעטסט עפּעס ביי ג—ט.
די גבורה פון דער וועלט
איז שטילקייט.
די שטילקייט
שמט אומעטום.
אַלע שטילע
זיצן זייט ביי זייט.
יעדער שטילסטער
איז ביי ג—ט אַ גאון.

## ברויט

ניט איינמאָל טרעפט,
אַז דאָס קליינע שטיקל ברויט
הערשט אויף דיין מחשבה.
דאָס שטיקל ברויט
מיטן אומשולדיקן אויסזען,
שטייט אויף מיט אַ געשריי.
טרייבט דיך אַרויס
פון דיינע הייליקע ד׳ אַמות.
ברענגט דיך
פון דינע וועגן
אין אַ שנאהדיקן אָרט.
ס׳ווערט אַן איבערקערעניש
אין דיינע שטילע אברים,
און נעמסט אויסזען ווי אַן אָבל.
ווי אַן איבעריקער אין דער צייט,
און ווי אַ גורלדיקער דורכפאַל.
דיין טיש
טונקלט אין באַליידיקונג
און דיין געשטאַלט
דעמערט אין פאַרשעמונג.
ס׳איז אַ שאַנדע פאַר דער בענקשאַפט,
ווען די מראה פון ברויט
טוט אַזוינע זאַכן.

## קריק

מיר האָבן אַלע געוויינט,
ווען מיר האָבן געלייענט דיין קול.
אונדזערע שאַרפע הערצער
האָבן נאָכגעפאָלגט
דיין היימישן יאָמער.
איצט זיינען מיר אַלע
שולדיק אין אונדזער שטאַנד.

פון אונדזער ג—ט
זיינען מיר געלאָפן
צו אַ פלאַכן אָפּגאָט.
געזילבערט אַרום צביעות,
און זיך געלייטזעליקט
אין זיין ענג אויג.
געפעלשט אין אונדזער תיקון,
און פאַרמיאוסט אונדזער גורל.
איצט ווייסן מיר,
אַז אונדזער אַרב
איז פאַרדאַרבט.
מיר רירן אָן דיין וואָרט,
ווי אַ ווינט פון אונדזער עבר.
דער לויטערער ייד וועקט אונדז.
די דערוועקונג
פאַלט אונדז ווי בהלה.
מיר קומען קריק
פאַרוויינט און פאַרוואונדערט.

## אַמאָל

אַמאָל איז גרינגער
פאַר דער ערד,
די שווערע שטאָט ווי איך.
עמעצן
איז גרינגער די אייביקייט,
ווי מיר די דערוואַרטונג.
איך קום אָן אָפּגחלומטער
צו גיין אין שטוב,
און צינד זיך אָן
צו יסורים.

## ביי דיין אומעט

ביי דיין אומעט
וועל איך שטיין,
און ביי דיין אימפעט
וועל איך תפילה טאָן.
און דאָס וועט אַלץ
נאָר זיין,
אין די דרויסנס
פון דיין היכל.
נישט פון דאָרט,
וואו דו גייסט אַוועק —
כ׳וועל נישט ווערן
דער שפיגל פון דיין ווינט.
פון דיין ווינט
וועט בלויז טונקלען
צו מיר אַ טרייסט,
און דיין רחמנות
וועט כמאַרען
אויף מיינע ביינער.

## אין דעם ליד

כ׳האָב דיך אַרויסגעצויגן
פון שאָטנדיקע שעהן,
און דיך אויסגעלייטערט
פאַר דעם בלאָען ליד.
האָסט זיך אויפגעשטעלט
אין דעם ליד,
און כ׳האָב דיך אַרויפגעבראַכט
אין מיין שטוב ווי אַ נס.
כ׳האָב געהאַלטן אָפן מיין פענצטער,
און דו האָסט צו דער נאַכט געשיינט.

## ליכטיק

ליכטיק
נאָגט ביי מיר דאָס האַרץ,
און די אָדערן ציטערן.
אפשר וועל איך באַלד הערן
פאַר דער נאָגעניש
אַ תיקון.
אויף מיין פּנים
לויכט אַ פאַרמאַכט געוויין.
אַן אימפּעט
רוישט אין מיינע בליקן.
אַ נישט דערוואָרבן וואָרט
וואָגלט —
און קלאָרט.
רייסט מיך מיט
מיט זיך.
אותיות
פונם אין־סוף
שוועבן אָן
איך זאָל זיי אויסהילכן
אויף גיך.

## אין וואַנדער

האָסט אַוועקגעוואַנדערט
מיט דיין לשון,
ווייט
פון דיין געטרייער שטומקייט.
פון דער קליינער,
זילבערדיקער סביבה,
וואָס האָט באַרעמט
מיט היים דיין פּנים.

דיינע בליקן
זיינען צעשפליטערט,
און אַ צערודערטער גוסט
באַגילדט דיינע רייד.
אַלעמאָל
באַנייען דיך גילגולים,
און ווייסט נישט
זייער גורל.
ברעכסט זיך
אונטער דער שפע —
פון דיין שטראַלנדיקן שגעון.
וואו וועט לאַנדן
דיין שוואונג?
וואו וועט נעלם ווערן
די וואונד
פון דיין ליד?

## שפרייט זיך האַסטיקער

שפרייט זיך האַסטיקער.
שפרייט זיך צו מיר צו.
מיין פנים
איז ווי דער טאָג פון דיין געבורט.
מיינע פים
וועלן פאַר דיר בלענדן.
מיינע לענדן
וועלן זיך פאַר דיר צינדן.
כ׳האָב אָנגעהויבן
דעם אומרו.

# אין דיין טאַטנס יאָרן

ווייסט ניט ווי אַזוי,
עס טראַכט אויף דער עלטער
דער, וואָס האָט געהאַט
אַ קורצע טאַטעשאַפט.
האָסט נאָך נישט געפּרואווט ווערן
אויף אַזויפיל עלטער.
נאָר וואָס נעענטער
דו ביסט אַליין געוואָרן
צו די יאָרן,
ווען דיין טאַטע איז אַוועק —
אַלץ טרעפלעכער
האָט דיך דער אומגליק באַנומען.
דאָס זיין אין איין עלטער
מיט דיין טאַטן,
ווען ער איז געוואָרן טויט,
איז, זעט אויס, די צייט,
ווען דו ווערסט באַזעסן
פון זיין טרויער.
ווען טעגווייז
ווערסטו אַקוראַט ווי ער
אין זיין קלערן.
פון אַ זעאונג —
וואָס דאָס איז דיין טויטער טאַטע,
קומען צו דיר
איינס נאָכן אַנדערן רייד,
און דו כאַפּסט זיך,
אַז אַזוינע,
האָבן זיי געמוזט זיין
ביי דיין טויטן טאַטן.

די רייד
זיינען אַזוי באַגלויבט
צו זיין דיין טאַטנס,
אַז דו פֿרעגסט נישט איבער.
פֿרעגסט נישט איבער גאָרניט
ביי דער איצטיקער באַגלויבטער רגע.
טראַכסט ניט פֿון וואַנען
האָט זיך דער נס גענומען.
גייסט אים נאָך אַ שטומען
און ער טונקלט פֿאַר דיר מיט שפֿע.

.2

עיפּעיס איז דאָ,
צווישן דיין עלטער איצט —
און דיין טויטן טאַטן.
איצט קאָנסטו זאָגן זיכער:
דיין טאַטנס טרויער האָט געוואָרט,
ביז דו וועסט קומען צו אים
מיט צייטיקע, ניט פֿאַרשווענדטע יאָרן.
ביז אַ לעצטער טאָג,
און אפשר אַ לעצטער פֿאַרנאַכט,
וואָס פֿאַרענדיקט דיך
מיט נאָך אַ יאָר,
וועט דיך דערנענטערן
צו דיין טאַטנס קלאָרקייט.
קאָנסט עס נישט פֿאַרזען:
פֿריער האָסטו אויך געלעבט,
און האָסט כמעט ווי
דיין טאַטן נישט געזען.
נאָר באַלד
ווי דו האָסט אַליין דערגרייכט
צו זיינע לעצטע לעבעדיקע יאָרן,

אַזוי ביסטו געוואָרן
אַ פאַרטראַכטער זון.
האָסט זיך באַלד
מיט אים באַגעגנט.
ווייל ביי דעם דאָזיקן טאָג,
האָט ער אויף דיר געוואַרט.
ער האָט געוואוסט,
אַז ערב דער דאָזיקער נאַכט,
ווען דו וועסט אַלט ווערן
אַזויפיל וויפל ער,
וועט דיך באַפאַלן
אַ שטאַרקער נאָכקלער נאָך זיין טויט.
אַ לייבלעכע באַקערונג
וואָס האָט אין קיין אַנדער צייט
ניט געקאָנט זיין.
איצט פאָרן זיך
דיינע יאָרן מיט דיין טאַטנס.
יענע לעבעדיקע יאָרן
פון פאַר זיין טויט,
פאַסן זיך שטום אַריין
אין דיין היינטיקן עלטער.
און דער טרויער איז פאַר דיר ניי
און אויפגעטויכט.
די ליכטיקייט
איז אַזוי אומגלויבלעך,
אַזוי פאַרוואָרצלט:
אַ טאַטע —
וואָס איז אין דיינע יאָרן,
קומט צו דיר פון יענער וועלט.

.3

קיין שום ווערטער,
פאַרוואָרצלטע אין דער ערד,
קענען ניט אויפברענגען
דיין באַגעגעניש מיט דיין טאַטן.
דאַרפסט זיך אויסוואָרצלען פון דער ערד,
און פון אַלע חפצים, —
דיין הויז אַריינגערעכנט.
אויף וויפל ניט איז,
דאַרפסטו
כאָטש ווערן אַ וואָלקן,
וואָס זעט אוים, ווי אַ צווישנשייד
צווישן ערד און הימל.
פריער — ווי אַ וואָלקן
און נאָכדעם ווי אַ חלום.
ווייל אַ וואָלקן
איז צו נאָענט צו דער ערד.
ניט אַלע מאָל
קומט דיין טאַטע נאָענט צו דער ערד.
אַמאָל דאַרפסטו גיין
פון דער ערד צו אים.
גיין אַזוי הויך
ביז דו ווערסט אפשר העכער
פון דעם העכסטן שטערן.
די וועלט פון נאָכן טויט,
איז אפשר לעצטער
פון אַלע שטערן.
פון אַלע צייכנס אין הימל.
פון אַלע מעגלעכע סמנים פאַר דער ערד.
ס'דאַרף דיין חלום ווערן,

ווי דו זאָלסט האַלטן
אַליין פאַרן טויט.
אַנדערשער —
איז דאָס וואָרט אַ ליגן.
איידער — דו דערזעסט דיין טאַטן,
דאַרפסטו ווערן,
ווי דו וואָלסט אַליין
זיך איבערגעגעבן
צו די יידישע מתים.
דאַרפסט ווערן עפּעס אַזוינס,
וואָס דו קאָנסט נישט אויפפּאַסן
אין קיין שום אַנונג
פון דיינע —
נאָך נישט געשטאָרבענע חלומות.
זעט אוים, אַז דיינע חלומות
דאַרפן אויסשטאַרבן.
דורכגיין
דורך דער מרידה פון טויט.
נאָר דורך אַ גרינטלעך
געשטאָרבענעם חלום,
קאָנסטו זען בולט דיין טאַטן.
נאָר דורך גרינטלעך
אויסגעשטאָרבענע ווערטער,
וועט ער דיך אויסהערן.
ס'איז נישט גרינג
צו צוקומען צו אַזאַ וואָר,
וואָס שטראַלט
ווי אַן אויסגעשטאָרבענע.

4

לייטערסט אַזוי לאַנג דיין טרויער,
ביז דער ריינער טויט
נעמט זיך צו אים אָן.
ביז אַלע ערדישע עכאָס
זיפּן זיך פון אים אויס,
און דו שוועבסט אַרויס
פון אַלע באַקאַנטע חללן
צו זיין טויט.
דאָס וואָס דו האָסט זיך דערוואוסט
די גאַנצע צייט ביים לעבן,
איז אַזוי קליין קעגן דעם,
וואָס דו דערוואוסט זיך
ביי דיין טויטן טאַטן.
ווערסט יידישער,
ווען דו דערזעסט דעם יידישן טויט.
דעם גאַנצן יידישן טויט
פון זיין שורש אָן.
זעסט —
ווי אַלע גרויסע סודות
זיינען תמיד אַנטרינען צום טויט.
תמיד —
האָבן זיי זיך פאַרהיט אין טויט.
יידישע נסים
זיינען פון דאָרטן
גרעסער געוואָרן.
אויך דיין טאַטנס וועזן
איז פאַרמערט געוואָרן.
זיין ווילן
קאָן דיך איצט איינהילן
אויף אייביק.

אַ וואַרעמע שולד
איילט פון דיינע אויגן.
פאַר אַזאַ גאַנצער צייט,
ביסטו נאָך ניט געוואָרן
אַזאַ ייִד ווי ער ביים לעבן.
און כמעט גאָרניט —
אַזאַ ייִד ווי ער
נאָך זיין טויט.
און דו ביסט דאָך אַלט
אַזויפיל וויפל ער.
ערשט נעכטן
אין אָוונט, צי אינדערפרי,
ביסטו אַלט געוואָרן
זיינע אַלע יאָרן.
אָבער זעסט אויס קעגן אים,
מיט דיינע אַלע חלומות —
אַ פאַרגליווערט פינטל.
קוים וואָס דיין טאַטע
דערקענט דיך.
אַ נס, וואָס דיין צער
זאַמלט צונויף
דיינע יידישע געוואוינשאַפטן,
און באַווייזט זיי פאַר דיין טאַטן.
דאַרפסט אינגאַנצן פאַרגיין,
דו זאָלסט אויפגיין **אַזוי ווי דיין טאַטע.**
טרוקענע טרוימען
האָבן דיך פאַרקליינט.
דער וואָרנענדיקער וואונדער פון ג—ט,
האָט דיך נישט געפירט ווי אים.
אַלע פאַרלאָפענע יסורים

האָבן נישט געמאַכט דיך
פאַר קיין מנוחהדיק באַשעפעניש.
צוזאַמען מיט דיינע האָר,
גרויען דיינע טריט.
דיין קול ווערט אַלט
ווי דיינע אויגן.
אַפילו קיין צוויי זין —
איינעם אַ געהרגעטן
און איינעם אַ לעבעדיקן,
לאָזטו דאָ ניט איבער ווי ער.
ביסט עלטער געוואָרן,
און ס'זעען זיך אויף דיר נישט אָן
קיין הייליקע יאָרן.
אַזוי ווינציק
איז דאָס שטאַמיקע גאָלד
אין דיינע טרערן.
מיט גוישן טרויער
האָסטו זיך אויסגעבעט דיין געלעגער.
מיט גוישער פריילעכקייט
האָסטו געגלאַנצט צו גאָרניט.
איצטער זיצט אין דיר
דאָס אַלץ,
ווי אַ דבוק.
גייסט צו אים
מיט דיין ווייטיק —
און ווילסט אים אַרויסטרייבן.
זאָל דיין טאַטע
דיר העלפן אים אַרויסטרייבן.
זאָל ער דיר אָנשטעקן
מיט זיין גאָרער שטאַרקייט.
מיט זיין תמימותדיקער רו —
ביז תחית המתים.

# צו מיין ברודער

בלויז פון דער ווייט
זע איך דיך מיין ברודער.
דו ביסט פאַרענדערט
פון אַ פריען טויט.
די ברידערשאַפט
איז נאָך אין דיר אינגאַנצן דאַ.
נאָך נישט אויסגעוועלקט
און נישט פאַרצערט.
אָבער קיין האָפענונג
איז אין דיין אויסזען ניטאָ.
דיין פנים איז יינג
און פאַרצווייפלט.
צעשיידט
און אויסגעוואָרצלט.
ביסט נאָך נישט איינגעוואָקסן
אין דיין גיכן טויט.
די סופן
האָבן דיך נאָך נישט
אייביק געמאַכט.
טונקלסט נאָך
ווי ביי דער זייט ראַנד.
גייסט נאָך אַזוי ווי קריק.
איך זע דיך נאָך
אין דיין לעצטן הלוך.
דער שאָטן
איז נאָך אויף דיר שוואַך.
שוועבסט
ווי אין אַ צעמישטער שטילקייט.

# אַנטפּלעקונג

כ׳האָב אַן ווערן גרייט
צו דער אַנטפּלעקונג פון גרינטלעכע רייד.
צו דעם שיינענדיקן עכאָ
פון וואָרע טריט —
און צו דער אויספּירלעכער וואָר גופא.
דאָס גשמיותדיקע האַרץ
האָט זיך אין מיר שוין אויסגעשריגן.
איצט ווערט ווירקלעכער און ווירקלעכער
דאָס האַרץ פון ווינט און וואָר.
אַ דאַנק דיר, האַר,
וואָס דו האָסט אָנגעגרייט פאַר מיר
אַזויפיל הילף.
וואָס דו האָסט אָנגעשטעלט פאַר מיין אויג
ליכטיקע כוחות.
פריילעך און פאַרטראַכט
זיינען איצט מיינע ווערטער.
זיי זינקען גרינג
אין די מונטערע עפנונגען
פון דיין גאָב.
איך זע באַשיינפערלעך,
אַז אָט די רגע איז נישט קיין איינצעלנע.
ס׳שטייען אויסגעשטעלט נאָך און נאָך
אויפגעשלאָסענע רגעס.
פלוצימדיקע זיילן
פון דיין העלן שייער.
כ׳האָב נישט געקאָנט פריער
מיט מיין אַלטער זעל,
דורכהעלן דיין הייליקייט.
פאַנאַנדערשטעלן אַקוראַט
דיינע טראַכטענישן.
תמיד האָט עפּעס אַ ראַנד
פון מיין ווילן געטונקלט.

אַ זילב פון אַן אויפגעקומען וואָרט
האָט געפלעקט
מיט מיין פאַרגאַנגענהייט.
געשאָטנט
מיט חומרישע שאַרפקייטן,
און געבלאַנקט נישט דערוועקט.
היינט רעד איך צו דיר
דורך געראַטעוועטע זילבן.
כ׳וויל זיך באַהעפטן פאָרכטיקער
און וואַגנדיקער צו דיינע גיטער.
שטילער און תוכיקער
וואַרטן אין דיין פייערלעכער
פאַרהוילנקייט.
דיך הערן און ווערן הערנדיקער
פון דעם גורלדיקן געהאָרך —

## צו ג—ט

ג—ט,
דו ביסט דער קלאַנג,
וואָס פאַרבעסערט מיך.
דער זילב —
וואָס באַוואַכט די וועלט.
אויף דיין געשטאַלט
היט איך אויס מיין אומעט.
אומעט
איז אַלעמאָל פאָרכטיק,
אַלעמאָל עניוותדיק.
מיט אומעט
ווער איך שטיל ווי אַ הייל.
אויפריכטיק
ווי די נאַכט צום ים.

# דו

דו, ג—ט,
ביסט ליכטיקער פון אַלע אַנדערע.
דיין ליכטיקייט
איז פול מיט ווייכקייט.
פול מיט אַכטונג
צו מיין שוואַכקייט.
שטילסט איין מיינע שטרויכלונגען
און באַוועגסט מיך צו רו.
קיינער קאָן נישט פירן
מיין וועג ווי דו.
מיט שטילקייט
גיסטו מיר מיין תענוג.
באַזאַלבסט מיין נאָכגיביקייט.
כ׳וועל פאַרטאָן
אין דיין געשטאַלטלעכער שטילקייט.
כ׳הויב זיך אָן
אויפלייזן אין דיין פולקייט.

# מיין זוכן דיך

ג—ט,
ווייל דיין וועזן איז אומענדלעך —
איז אויך נישטאָ קיין שיעור
צו מיין זוכן דיך.
ווייל דו ביסט אומעטום —
האָב איך דיך נישט
אויף קיין איין אָרט איינגאַנצן.
נאָר כ׳טרעף אַרוים אַזאַ פּאָרכט,
וואָס רירט אָן דיין אייביקייט.
איך וואַלגער זיך
מיט אַזאַ שטילקייט —
וואָס זאַמלט דיך צונויף.

## נאַכט

ס'איז נאַכט אַרום מיין פענצטער.
פון אַלע וועגן קלאַפּט אָן אין אים,
דער וועג פון ג—ט.
ס'ווערט שטילער,
ווי אין יעדער צייט פון נאַכט.
עס זאַמט זיך
ביי מיין פענצטער איצט די צייט.
עס פרישט אין מיר אַ ציטער
עפּעס וויסיק —
און פול פאַרהוילן.
די שטומקייט
איז ווי אַ ווייסער ווינט.
איך ווער אָפּגעבונדן
צו דער נישט וויסיקייט —
און טרוי איר
שטראַלנדיק.

## חלום

ד'י גאַנצע וועלט
איז דיר געווען
אָן אַן ענטפער,
ווען אַ חלום
האָט ניט גערוט
אין דיין וואָרט.
איצטער חלומסטו
און דו דאַרפסט נישט,
ס'זאָל דיר ווער עפּעס
פאַרענטפערן.
אַז מען שטייט,
ווי אַ חלום פאַר ג—ט,
איז נישטאָ וואָס צו פרעגן.

# אייביק

אייביק
גיסטו זיך צו מיר, ג—ט, אַז,
און איך הער דיך ניט.
פון דיין חברישער אייביקייט
צי איך אַוועק
אין פיינטלעכע רגעס.
איך אַנטלויף
פון דיינע צניעותדיקע צוזאָגן.
שפּרינג
פון דיין הייליקייט
אין לאַנגווייליקייט.
אַן אָפּגעקערטער פון דיר —
טרויער איך
צו אַ פֿאַרקערטן אין סוף.

# אַליין

צו ג—ט
וועט דיך נישט פירן קיינער.
קיינער
וועט נישט רייף מאַכן דיין פאָרכט.
דאַרפסט אַליין,
חרוב מאַכן דיינע ספיקות,
און צעשטויבן
דיין צוריקהאַלט.
אַליין,
בלאָזן דאָס פייער
פון דיינע אותיות,
און שפּרינגען אין דעם
מיט התלהבות.
דיין התלהבות
דאַרף פלעקן מיט בלוט.

# האָסט זיך נוקם געווען

האָסט זיך נוקם געווען אין מיר,
ג—ט.
האָסט באַלויכטן מיין פאַרצווייפלטקייט,
און איך האָב אָנגעהויבן
שלעכט רעדן.
האָסט מיך געלאָזט
זיך אַרומוויקלען
מיט דערנערדיקע רייד.
מיט אַ שטויביקן באַשייד,
וואָס קאָן פאַרטיליקן.
ס׳איז געווען דיין רצון,
איך זאָל זיך איינמאַטערן.
איך זאָל זיך צעניזיקן
פון אַזאַ ענג געזאַנג.
אויך אַנדערע
זאָל איך צעניזיקן
מיט מיינע עזותדיקע זילבן.
אויך שפּעטער —
האָב איך זיך שווייגיק
איבערגעגעבן
צום רירעוודיקן שאָטן,
און געדאַכט,
אַז איך שוויג
צו דיר —
אַז איך באַדין דיך
און באַריר דיין דויער.
טומאות
האָבן זיך נאָך אַלץ
פאַר מיר פאַרגעשטעלט,
און מיך נאָכגעשלעפּט נאָך זיך.
מיך איינגעבויגן
צו זייער ברענענדיקן שטויב.

צו זייערע טרוקענע ווינטן.
אָבער איצט, ג—ט,
האָסטו אַליין צו מיר גענידערט.
וואַשסט מיך מיט שרעק
און שייערסט מיך מיט חסד.

## פון זינט כ׳בין געבוירן

פון זינט כ׳בין געבוירן,
צינדסטו זיך, ג—ט,
פון מיין געזיכט.
כמאַרעסט
מיט דיין אומענדלעכקייט
פון מיינע אויגן,
און פון מיינע רייד
שפּרינגסטו
צו דיין כסא הכבוד.
אויך פון מיין לײדיקן גיין —
ווערן תמימותדיקע חללן.
ריינע בלענדענישן
אין דיין רו.
כ׳ווייס,
אַז דיינע פאַרגעניגנס
פיבערן פון מיר.
ביין מיין טיש
צעשיינסטו דיינע דעות.
פון די דאַכטונגען נאָך דיר,
ווער איך דייטלעכער.
כ׳ווער שטיל
פון דער פאַרבאָרגענער
ווירדע
פון דיין אויסזען.

# פון דעם טאָג

פון דעם טאָג,
וואָס דו האָסט מיך באַשאַפן, ג—ט ,
האָב איך פאַרזאָרגט
דיין געאיינציקט פנים.
חוץ מיט צער,
האָב איך דיך מיט גאָרניט
באַצירט.
די קליינע ליכטיקייטן,
וואָס איך וואַרף דיר אַמאָל צו,
גייען איבער מיט גאָרנישט.
כ'האָב נישט נאָכגעטאָן
דיין גנאָד.
כ'האָב נישט געהויזט
מיט די העלע פינקטלעכקייטן
פון אויפהאַלטן
דיין וועלט.
כ'האָב נישט פאַרשטאַנען,
אַז דו ווילסט מיך שיצן.
איך בין געקראָכן
נאָך שוץ
צו דיינע פאַרשווערער.
ביי די קליינע פירערלעך
אויף דער ערד,
האָב איך געבעטלט
פאָטערשאַפט.
דיך —
אַזאַ ווירדיקן,
האָב איך פאַרוואָרלאָזט.
אַנטלאָפן —
פון דיינע פאָטערלעכע רופן.

איצט שטיי איך פֿאַר דיר,
אין־סופֿיקער פֿאָטער —
און מיין געשיכטע
נידערט מיך אַראָפּ.
נאָר דו צאָלסט מיר
מיט וואונדער
פֿאַר מיינע ווילדענישן.
קוקסט אַראָפּ
מיט רעטונג צו מיין חרטה.
נאָר אַזאַ גרינדלעכער
ווי דו,
קאָן אויף אַלץ פֿאַרציכטן.
פֿאַרגעסן
מיט אַזויפֿיל אייפֿער,
און מיך אונטערלענען
מיט אַזויפֿיל הויכקייט.

## כ׳האָב געשריגן

כ׳האָב געשריגן אויף דיר, ג—ט,
און געוועלקט
אין צאָרנדיקע ווערטער.
אויפגעבראָכן
קעגן דיין שכל.
זיך געשפּילט
מיט קריג קעגן דיין רו.
קעגן דיר, אַלמעכטיקער,
האָב איך געהאַלטן הויך
מיינע באַהויכטע נאַרישקייטן.
מיינע וועגלאָזע זילבן,
האָב איך געשאַצט
מיט חוצפּה.

אַליין, גאָרניט,
האָב איך זיך געגאָרט
קעגן דיר, מיין ג—ט.

.2

איצט
איז מיין מויל פאַרשעמט.
מיינע ליפּן
זיינען דערשלאָגן.
כּוח
איז אין דיין גנאָד,
און נישט
אין מיינע ראַשיקע שטרויכלונגען.
אַפילו נישט
אין מיין לעסטערדיקער שטילקייט.
איך שווענק איצט
אַראָפּ מיט טרערן
די פלעקן פון מיין פּנים.
די סמנים
פון מיין געשריי
דערשלאָג איך.
האָסט מיך אויסגעלייזט
אומגעריכט,
פון מיינע לאָמע איינפאַלן.
פון מיין נע ונד
צום אָפּגרונט.
אַ פאַרשעמטער
ביז צו דער ערד
דאַנק איך דיר.
איך בויג זיך אָן,
און רעד דאָס
צום שטויב פון דער ערד.
איך בין נישט ווערט
רעדן קיין אויסגעגלייכטער,
ווייל כ'האָב פאַרקרומט
כמעט דאָס גאַנצע לשון.

## מאָדנע

איך ווער מאָדנע, ג—ט,
אין דיין דינער קעגנוואַרט.
איך באַפאַל דיך
מיט חברישע ברכות.
מיט ווינטשונגען
פאַר דיין הערשאַפט,
גלייך איך קאָן עפּעס
פאַר דיר פועל זיין.
כ'הויבן אָן
מתפלל זיין פאַר דיר
אָן אַ סדר.
די ווערטער
נויגן אָפּ
פון זייער וואָר.
נאָר דו גאַרסט
מיין צעחושטע ווירקלעכקייט.
ציסט זיך
צו מיינע צעשוימטע שטילקייטן
און רופסט
צו מיין צערודערטן וואונדער.

## מיט שווייגן

מיט שווייגן
פאַרשטייען מיר דיך, ג—ט,
בעסער.
אָבער מיר ווילן נאָר צו דיר רעדן,
און אין רעדן איז שוין פאַראַן
אַ געמיש פון חומר.
האָסט אונדז געגעבן לשון,
ווייל שווייגן —
איז בלויז דיין מדרגה,
די מדרגה פון פאַרהוילנקייט.

לשון האָסטו געגעבן
צו די געזעענע —
ווייל מיט לשון זעט מען זיך.
נאָר די נשמה
שפּאַרט אַריין אין יעדער וואָרט,
אַ פינקלענדיקע שטומקייט.
אַ שווייגעניש לויט דעם,
ווי זי קאָן נאָכפאָלגן
פאָרכטיקייט.

## אָן ג—ט

מיינע געדאַנקען אָן ג—ט,
וואַרפן מיך אין שרעק,
און מיין סוף
הויבט אָן אומטרייבן
מיין בלוט.
כ'האָב מורא
ווי פאַר אַ שטורעם,
פאַר אַן אומפאָרכטיק וואָרט,
און די רו,
וואָס איך האָב שוין,
ווערט פאַרצוקט
ווי פון אַ וואָלף.
ס'ווערט אויסגעקרימט
מיין שלאָף באַנאַכט,
און אַלעמאָל
כאַפּ איך זיך אויף,
מיט אַן אַנדער שאָטן
אין מיין גוף.

## ג—ט און דו

ג—ט און דו
האָבן זיך נאָכן ערשטן שבת
צעשיידט.
ווייסט נישט
וועגן ג—ט מער,
ווי דאָס איינגעקלעמטע קול
אין אַ טרער.
דיין רוף צו אים
באַשטייט
פון אַן אָנהויך
פון ווייס איך ווען.
פון אַ ברען אין דיין בלוט
און אַ הייליקן מוט
צו בעטן.
זיין ליכטיקייט
צעגליט דיין קאָפּ.
צעדעקט דיין פּיין —
און ער שאָטנט אויף דיר אַראָפּ.

## קוק איבער

קוק איבער
מיין ליד, ג—ט.
אפשר
איז אַ וואָרט דאָרט פּסול.
אפשר
איז די שטילקייט נישט די —
ס׳קאָן זיך אויסלאָזן
אַלץ צום ליד.
היט מיר דאָס ליד.
זילבער אויף מיין זעאונג
און קלאָר אויף מיין קול.

# אָפּן

אָט שטיי איך איצט, ג—ט,
אַזוי פּלוצלינג
און נאַקעט אָפּן.
אָפּן —
ווייל איך בין אָן
הייליקייט.
נישט קיין הייליקע
זיינען אומאויפערלעך
אָפּן —
אומדערטרעגלעך
אַרויסגעשטעלט
פאַר יעדער זאַך.
זיי זיינען נאָר
צו נע ונד
און אַבילות.
כ׳וויל זיך, ג—ט,
הייליקן קריק.
קריק גיין
צו מיין פאַרבאָרגנקייט.
די פאַרבאָרגענע
ווערן געזען
נאָר איינער פאַרן אַנדערן.
זיי זיינען איינגעזאַמלט
אין דיין עניוות,
און פריילעך
אין דיין אומענדלעכקייט.

# אין מיינע זעאונגען

ג—ט,
דו ביסט אין מיינע **זעאונגען**
אַ פאַרגעביקער.
אַ וואַכער און אַ ווייכער.
ס׳מאַכט ניט אויס,
וואָס דו ביסט אַזוי גרויס —
וואָס דיינע כוחות
פאַרפלייצן מיין לשון.
כ׳בין נישט אַבי ווער
אין דיין קראַפט —
אומעטום,
וואו איך פאַרוואַרף זיך —
זינגסטו
און זאָרגסט איבער מיר.
פילסט אָן
מיין פאַרוואָרפעניש
מיט זיך.
שוימסט אַ ליכטיקער
אין מיינע דערשרעקן.
באַדינסט מיך
מיט דיינע רגעס,
און טרייסט מיך
מיט דיין רעיון.

# צוליב מיר

צוליב מיר,
קומסטו, ג—ט, אָפּ.
כ׳האָב פאַרזען דיין וואונדער,
און ווינטיק
אַרום דיין כבוד מיט זינד.

כ׳האָב פאַרביליקט דיין ליכט
און פאַרגרינגט דיינע וואָרנונגען.
נאָר מען קאָן דיך נישט
דערשיטערן אויף שטענדיק.
וויפל דו ליידסט ניט
פון מיין גראָבקייט,
איז זי ביי דיר אַלץ
פאַרגעבלעך.
דיין אומענדלעכקייט
איז נידעריק צו מיין טרער.
ווען איך דערוואַך צו דיר,
ווערט דיין הערשאַפט
ממש בטול.
גלעטסט מיך
מיט דיין גלוסטיקייט
און זינגסט
צו מיין זכרון.

## דיין אַנטלויפן

דיין אַנטלויפן פון ג—ט,
האָט דיך נישט געבראַכט
אין ערגעץ.
וואַלגערסט זיך
אין דער נידער לויפנדיק.
דיין געלויף איז ליידיק.
שרייסט,
אַז דו ווילסט ג—ט נישט דאַנקען.
אָבער צו דאַנקען
דאַרף מען זיין גרויס.
בלויז צו חוצפה און לייקענען,
ווערט מען גרייט
ביי דער מינדסטער קראַפט.

## פון ג—טס געצעלטן

פון ג—טס געצעלטן
פייערן צו דיר
אַ שויב נאָך אַ שויב.
רוענדיקע, שאַרפע פייערן
ברענען —
און לאָזן זיך נישט דערקענען.
אַ שטילקייט
רייסט אַלעמאָל אויף —
און ווערט פון דיין אויג פאַרפאַלן.
דאָס שאַלן
פון ג—טס פאַרהוילענישן
בייט
אַלעמאָל דיין בלוט.
ג—ט
וועט דיך טרייבן חלומען
און דיך נאָכיאָגן
מיט זיין אין־סוף.
דיך איינזאַמלען
פאַר זיך
אין אַ באַזעלט אָרט.

## דיין וואונדער

ג—ט,
כ׳האָב זיך געווידמעט
צו דיין וואונדער.
געקראָכן
אין די וויטע נעסטן
פון דיין שטילקייט.
נאָך איידער
איך האָב געוואוסט
אַז דו ביסט ג—ט,

האָב איך געצונדן מיין קול
צו דיין פאַרהוילנקייט.
צעשטראַלט פאַר איר
דאָס האַרץ,
ווי פאַר אַ האָר.
כ'האָב זיך געהייליקט
קעגן ים,
און געמערט פאָרכט
פון אַ ווינט.
איצט קאָן איך דיך שוין, ג—ט,
און ברום
פאַר דיין אומענדלעכקייט,
הייליק
מיין שגעון
און שטוין
ביי דיין שיין.

## אין זינד

איך האָב נישט געוואוסט, ג—ט,
אַז אין זינד
איז מען אַזוי איינזאַם.
יעדער וועג
וואַרפט מיך קריק,
און מיינע טריט
נעמען זיך נישט צו
צו דער ערד.
אונטער מיינע זינד —
שטאַרב איך כסדר,
און מיין גוף
ווערט ווי אַ קליינע
פינצטערניש.

# וואָס זאָל איך טאָן

וואָס זאָל איך טאָן, ג—ט,
וואָס זאָל איך נעמען טאָן?
דאָ און דאָרטן
איז עמעצער געגאַנגען,
און האָט אָפּגענאַרט די ערד
מיט זיינע טריט.
אויף אַ באַרג
איז עמעצער געשטאַנען,
און זיין שטיין
איז נישט אמת געווען.
דעם הימל
האָבן אויגן אָנגעקוקט,
און זיי זיינען טעמפּ
דערנאָכדעם איינגעשלאָפן.
ווען ס'פאַלט די נאַכט,
איז דאָ אַזויפיל טרויער, ג—ט.
און ערשט דעמאָלט,
ווען ס'איז פינצטער,
איז צו זען איבער גאָר דער ערד
די פלעקן.
איך גיי אַרום מיט שרעקן, ג—ט,
און גיי צו דיר די גאַנצע נאַכט,
און ווייס ניט וואָס צו טאָן.

# דיין אויסזען

ג—ט
ביי די טייכן
היטסטו דאָס וואַסער,
און זעסט אויס ווי וואַסער.
ביים קאָרן,
זעסטו אויס ווי קאָרן,
און אַרום דער פירה —
ווי זי.

און דאָס,
וואָס דו זעסט אויס
ווי די זאַך,
ווייזט
אויף דיין עניוות.
ווי ס׳קאָן זיין עניוותדיק
אַן אומענדלעכער האַר.
אָבער אַנדערע
מיינען,
אַז דו ביסט די זאַך,
און זיינען מחלל
דיין אומענדלעכקייט.

## צום קץ

פון זינט
כ׳האָב אָנגעהויבן דאָס ליד,
בלאָנדזשע איך צום קץ.
כ׳ריים זיך, ג—ט,
צו דער פולקייט
פון דיין דמיון.
פון יעדער ראַנד
שרייט אַראָפּ
אַ העלער ווינט,
און דער ליכטיקער גאַלאָפּ
שלאָגט אָפּ
מיט גלויבן.

# אמת

כ׳האָב זיך ריין געמאַכט צום אמת.
כ׳האָב זיך געשפּיגלט אין אַ מחשבה אָן ליגן.
פון גערעכטיקייט
זיינען מיינע אויגן לויטערער געוואָרן.
די ערלעכקייט
האָט צו מיר אָנגעטראָגן אַ שטילקייט —
אויף מיין קאָפּ
איז געווען אַ וואַרעמע ליכטיקייט.
מיין פּנים איז געוואָרן העלער צו ג—ט.
ס׳האָבן געהעלט מיינע חושים.
זיי זיינען געוואָרן אויפגעוועקט.
כ׳האָב געקאָנט זען ווי די ערד איז לויטער.
כ׳האָב אַריינגעקראָגן
די דערוואַרטע זעעוודעקייט.
אַ געשיקטקייט צו זען מרחקים.

.2

איך בין איבערגעגאַנגען
אַלע גילגולים פון וואָרט.
איבערגעגאַנגען — און געבליבן אַליין.
דאָס וואָרט האָט מיך מיט אַמאָל באַפרייט.
ס׳האָט נישט געהערשט קיין לשון.
אומעטום האָט געהערשט שווייגן.
כ׳האָב אויסגעזען — אַן אָטעמדיקע שטילקייט.
כ׳האָב געשטומט — און פאַרשטאַנען.
כ׳האָב אַריינגעאָטעמט אַ וויסיק שווייגן.
פון אַלע הייכן
האָט עס גענענט צו מיין אָטעם.
אַרום דער הייך האָב איך געזען אַלע לידער.
אויך די לידער,
וואָס זיינען געווען פאַר ג—ט.
כ׳האָב זיי געקאָנט בלויז זען.

זען —
און זיי נישט איבערגעבן צו קיינעם.
יעדער — וועט זיי מוזן זען באַזונדער.
קיין שום — איבערגעבן. קיין שום דערציילן.

3.

איך בין געבליבן שטיין.
ווי אַ שטראַל איז געווען דין דער וועג.
מיינע פּיס האָבן זיך נישט גערירט פון אָרט.
כ׳האָב נישט געדאַרפט קיין שטרעקעס.
אין די הייכן
איז נישט געווען אַנדערש ווי לעם מיר.
ס׳איז געווען אַלץ אַרום די צוויי טריט ערד.
ס׳האָט גאָרנישט אויסגעפעלט.
די שטילקייט האָט נישט פאַרבאָרגן גאָרנישט.
כ׳האָב נישט געדאַרפט גרויס ווערן.
אַרום מיר —
איז געווען די גרויסקייט פון אַ וועלט.
קיל —
איז זי געזעסן אויף מיינע פּיס־פינגער.
שטיל — האָט זי זיך געהויבן צו מיין פּנים.

4.

אַלץ איז מיר געווען באַשערט.
כ׳האָב זיך גרייט געמאַכט, ג—ט, דיך זען.
שווער איז צו זען אַ ליכטיקן אינם ליכט.
כ׳האָב געדאַרפט אויסשיידן ליכט — פון ליכט —
דיינע סימנים זיינען מיר געווען באַוואוסט.
מיין טראַכטן האָט זיך געצויגן אויף מיילן.
און זיי — זיינען עס געווען אין אַלע מיילן.
האָסט געוואָלט איך זאָל דיך קאָנען זען.
האָסט מיך אַרויסגערופן צו זיך פון אַ שטילקייט.
מיין שטילקייט איז געווען ווייט —
אָבער נאָך ווייטער — איז געווען דיינע — —
די גאָרע שטילקייט, וואָס האָט געהייסן ג—ט — — — —

.5

און אַזוי האָב איך דיך, ג—ט, געזען.
דיין אויסזען האָט געהעלט פאַר מיין פּנים.
דיינע בליקן זיינען געווען ווי הימלען.
שטום איז געווען דיין הערשאַפט.
העל איז געווען דיין שטומקייט.
כ׳האָב געשטומט ווי דו.
כ׳בין פאַרבייגעגאַנגען דיין גאַנצע שטומקייט.
מיין האַרץ האָט געקלאַפּט שטום.
דיין הערשאַפט האָט נישט געהערשט
איבער קיינעם.
ווי אַן אייביקער האָסטו ניט געוואוסט פון הערשן.
האָסט געוואוסט פון אייביקייט.

.6

דורך מיר האָסטו געהאַלטן אַ געבעט.
דאָס געבעט איז ווידער געווען שטום.
איך האָב עס איבערגעזאָגט אויף מיין אופן —
מיין שטומקייט איז געווען מענטשלעך.
די ערד האָט עס געדאַרפט הערן.
האָסט געבעטן צו די מענטשן ווי אַ ג—ט.
זאָל יעדער זוכה זיין, ג—ט,
דיך פאָלגן.

# אביונים

מיר זיינען, ג—ט,
אין דער אמתן
אַלע אביונים.
אָרעמער ווי די פייגל,
און גרויער ווי די פליגעלעך.
נאָך אָרעמער
פון דעם אָרעמסטן מין,

ווייל מיר קאָנען
אונדזער אָרעמשאַפט.
ווייל מיר זיינען מסוגל
דורכשפּאַנען די שטילקייט
פון אונדזער אָרעמען דויער.
מיר קאָנען גאָרניט
פאַראייגענען
פון דיין שטורעמדיקן אייגנטום.
מיר קאָנען בלויז
שטיל ווערן —
און לייכטן פאָרכטיק
פאַר דיין רייכקייט.

## געבעט

ווען ס'זאָל נישט זיין אפילו
צו ווערמען בעטן,
וואָלט דיין וואָרט
דורך געבעט,
געהאָלפן געוואָרן.
און אַז דעם וואָרט ווערט גוט,
ווערט אויך גוט פאַר דיין האַרץ
און פאַר דיין חומר.
מיט אַזאַ וואָרט,
איז די נשמה ניט אַליין.
אויך דער גוף ווערט נשמה,
און קיין ליים
איז אין דיר מער נישטאָ.
קערווע זיך נישט אַוועק, ג—ט,
און באַהאַלט זיך נישט אוים.
איך בין נישט אַזוי גרוים,
צו זיין אָן דיר.
וואָס מער עלנט
איך פאַרנוץ אין מיין געבעט,
אַלץ מער בין איך מיט דיר.

# מורא

ס׳דאַרף דורכנעמען יעדערן
אַ הייליקע מורא.
די מורא אין דער הייליקייט
איז די גאַנצע קראַפט.
ווען מען ס׳דוכט זיך,
אַז ער קאָן זיין הייליק,
און ניט מורא האָבן הייליק,
נאַרט זיך מיט הייליקייט.
אָן מורא
קאָן מען ניט שטייגן.
מען האַלט זיך
אין איין פאַרמאַכן.
כדי גיין אין דער מורא —
דאַרף מען האָבן מורא.
מען דאַרף זיין
גלייך צו דער מורא.
אַז צוגיין צו דיר —
זאָל מען אויכעט
דורך מורא.
איינער צום אַנדערן
זאָל גרייכן דורך מורא.

.2

זיך באַגעגענען מיט הייליקט —
הייסט זיך באַגעגענען מיט מורא.
מיט נישט קיין געוואוינטער זיכערקייט.
ס׳ווערט אוים
מיט די זיכערע מדרגות.
מיט די גלייכע טראַכטונגען.
די מורא פאַר ג—ט
קומט נישט צופרידנשטעלן.
ציטערט ניט,
ס׳זאָל דיך זיין באַקוועם.

זי שטעלט נישט אַריין
און דיין שטוב קיין שויבן.
מאַכט נישט
ביים אַריינגאַנג
קיין אייזערנע טיר.
זי רייסט אַרויס די טיר
און צעשלאָגט די שויבן.
און אָט אַזוי — מוזטו ליגן
און גלויבן אויף דער הוילער ערד.
שיידסט זיך
מיט דיינע געוואוינהייטן,
און וויינסט זיי אוים ווי זינד.
הויבסט אָן
מיט דיין גאַנצן יש צו ציטערן.
און וואָס דו ציטערסט מער —
ווערט פולער דיין זכות
צו מורא האָבן.
און אָט אַזוי, ווערסטו
אַ הייליקער בעל-מורא.
איינער
פון די הייליקע בעל-מורא׳ס.
און פון דאַן —
ווערט דיין מורא גרעסער —
ביז זי ווערט
אַ ריזיקע מורא.
און דאַן ווערט זי
באמת הייליק,
ווייל ריזיק — איז הייליק.

.3

ביז ווי לאַנג
דו וועסט זוכן אַ היים,
וועסטו זיין פאַרצווייפלט.
אַלץ וואָס דו פאַרצאַמסט,
ווערט באַזעסן פון צער.
בכן זיי וויסן,
אַז אייגנטום
איז אַ טרויעריקע זאַך.
קיין שום ציגל,
וויל ניט ווערן
דיין אייגענער ציגל.
ער וועט קיינמאָל נישט
געהערן צו דיר.
נאָר דעמאָלט,
ווען דו האָסט פאַר אים מורא,
ווערט ער צו דיר נאָענט.
ער הויבט זיך צו דיר אָן
פאַרטרויען.
אַזוי איז מיט דער גאַנצער בריאה.
זי הויבט צו דיר אָן געהערן,
ווען דו זעסט זי
אומהיימלעך.
ג—ט פון דעם אומענדלעכן
דערווייטערט דעם,
וואָס וויל זיין
היימלעך און ענדלעך.

# מיט דורות שפּעטער

אַמאָל, אַמאָל,
מיט דורות שפּעטער,
וועסטו זיך פּלוצים איבערזעצן
אין אַ קליין שטיבל,
און וועסט קריק דאַרפן האָבן
די עניוותדיקע באַנק,
און דאָס אומעטיקע פּראָסטע מעבל.
וועסט איינזען,
אַז דער נידעריקער פענצטער
נעמט אַריין מער מזל אין שטוב.
און די ניט געטאָקטע,
דעמבענע טיר
איז היימישער
מיט מענטשן און מיט ג—ט.
שבת
וועסטו אַריינגעמען אין דיין שטוב
די אייביקע פרייד,
און אַ גאַנצע וואָך
וועסטו אַרומגיין הייליק
אינעם חלק
וואָס יעדער אָנגעזעענער טאָג
וועט האָבן.
וועסט זיך נאָכאַמאָל צונויפלעבן
מיט דער תמימותדיקער טרייסט
פון תחית המתים.
וועסט פאַרטרויען דיין קאָפּ
אין דער גוטער עניוותדיקער שטילקייט.
און דאָס ביסל גאווה,
וואָס דו האָסט פאַרמאָגט אויף אייביק —
וועט זיין דיין גערעכטע רואיקייט,
דיין עקשנותדיקע שטילקייט
צו דיין אַלטן ג—ט.

# באַשערטע רייד

וועסט קומען
ווי אַ ווייסער וואָלקן
זיך זעצן לעם מיר,
איידער די טעג
וועלן זיך אויסלאָזן
ביי דיין גרויער שוועל.
דער רויטער פייער
ווערט ווייסער און ווייסער,
און בריט ניט מער די טריט
אויף דעם לעצטן שפּאַן.
שטילער
וועט שוין ניט זיין קיין שום שעה,
ווי די,
וואו מיר ווינטיקן
מיט אונדזער סך־הכל.
דאָס איז די שעה,
וואו מיר שטייען כמעט גאַנץ,
אונטער אַ צעבראָכענער
שטילקייט —
איידער מען טרעפט זיך
אויף דעם דאָזיקן שפּאַן,
קאָן מען נאָך ניט,
מיט אַזוינע שטילע,
אויסגעסדרטע סוף־רייד
רעדן.
אַזאַ רואיקע אומבאַהאָלפנקייט,
און אַזאַ באַהעפט וואָרט,
איז נישט פאַראַן
אין קיין שום פריערדיקן צער.
ס'איז דער אומגעשטערטער צער
פון פאַרשווינדן —
און די רייפקייט,
וואָס אַ באַשערטע פאַרשווענדעניש
טריפט אַרויף
אויפן וואָרט.

.2

איך בין מיט דיר געגאַנגען
צוזאַמען לאַנג,
ביז דער אומבאַשיצטער וועג,
איז ווייס געוואָרן
פאַר אונדז ביידן.
מיר האָבן ניט געטראַכט,
אַז מיר וועלן צוקומען
צו דער רו,
און קעגן דער רו
זיך שטעלן אויסטענהן.
איך פיל אַ הייליקייט,
ווען איך פאַרצייכן
די לעצטע ווייסקייט
וואָס איך זע.
די לעצטע גאָלדענע
פאַרטראַכטקייט
אויף דיין שטערן.
איך זע נישט מיין אייגענעם
געעלטערטן שטערן,
ווי ער זעט אויס
ביים ברעג פון רו.
מיר שטייען ביידע
אויף דעם זעלבן שפּאַן,
און מיט אַ ווייסער דערשראָקנקייט
רירן מיר
איינע דעם אַנדערן אָן.

אַ באַריר,
און נאָך אַ באַריר —
טוליעט אונדז צונויף,
און מיר גיבן אַרויס
אַן אָטעם.
נאָכדעם,
דוכט זיך,
אַ האַלב וואָרט.
און דאָס איז די צייט —
פון ענדיקן
אַלע ווערטער.

## אַ מינוט

אָט אַ־דאָ
אין דער קליינער מינוט,
שפּילן זיך ווי ווינטן
דער טויט און דאָס ליד.
פייגל
האַלטן דיך צווישן זיך,
און דער טויט שפּרינגט
פון אַלע ליכטיקע לעכער.
זעסט,
וויפל קאָסמישע פאַרהאַלטן,
אַנטפּלעקן זיך
אויפן שטח פון אַ מינוט.
וויפל וואָרנונגען
בלויען צו דיין גוף.
וויפל אויפשטאַנדן
שיינען אויף
קעגן דיין נשמה.
ס׳ווערט נידערגעשלאָגן
דיין פריערדיקע באַהעפטונג
מיט ג—ט.

## די ווייסע רו

די ווייסע רו
האָט שוין איבערגעשטיגן
דיינע טריט,
און דער ווינט
צעפּאַלט אונטער דיין פּלייצע.
הויבסט נאָך אויף
אַן אומשולדיקע שורה
פון דעם צעפּאַלענעם ווינט,
און פאַרשטעקסט זי,
ווי אַ טרער אין האַלדז.
קאָנסט נישט וויינען
אַזוי ווייט —
ווי די רו ציט זיך.
די ווייסע וועלט
איז נישט געדולדיק
צו דיין ליד.
זי וועט דיך נישט איבערלאָזן
טראַכטן,
אין אירע רייכע טויערן.
דיינע ווערטער
מאַכן דיך ניט
אויסדערוויילטער.
דיין חלום קירצט מען שוין,
און די נאָכקומענדיקע רייד
פאַרשטומט מען.
ווערסט אַזוי נאָכגיביק
און שטום,
ווי מען וויל דיך
דאָרט האָבן.

# מיין חלום

היינט איז מיין חלום ווי די שטילקייט
וואָס האָט געברענט
אויף דיינע ריינע אויגן.
ווי דער אומעט,
וואָס קען זיך נישט באַגיין אָן דיר.
שטעל זיך־צו צו מיר
פון דיין געהיימען פּלאַץ.
פאַר מיר איז דיין טויט
נאָך נישט קאַלט געוואָרן.
אַלץ איז אין דיר וואַרעם,
און מיך נעמט אַרום
אַ וואַרעמער רויך.
צערויכער מיך
אין דעם זעלבן רויך.
נאָר רויכער מיך נישט
ווי קיין קרבן.
דו ביסט אין דער הויך —
און דאַרפסט נישט קיין קרבן.
צעשפּריץ מיין טרויער ווי בלוט.
צעפּערטל מיך —
איך זאָל פאַרברענט ווערן אין דעם פייער,
וואָס דו וועסט אויפבלאָזן.
כ׳וויל זיך מיט דיר צונויפשטויסן
ווי אַ רויך מיט אַ רויך.
זיך צונויפשטויסן
און רוען מיט דיר
אין אַ ווייסן אינדערהויך.
ס׳האָט נישט קיין זין,
דו זאָלסט זיך באַגיין אָן מיר.
דו זאָלסט אָנגיין ווי אַ רויך
און איך זאָל שיינען ווי אַ גוף.

ס'האָט זיך גאָרניט אין דיר געביטן.
טוסט אַ פלאַטער —
און דיינע שטילקייטן
שטייען אויף פון שלאָף.
זיי נעמען מיך אַרום
מער ווי מיט ליידנשאַפט.
מער —
ווי דו האָסט עס ווען געטאָן.
אַז דו הויבסט זיך אָן —
איז נישטאָ צו דיר קיין סוף.

## די טויבן

די טויבן
גייען אַרום שוואַך,
און זייערע שאָטנס
באַגלייטן זיי
פון דער ערד צום דאַך.
דער ווינט
אויפן עק באַרג,
האָט אַ פייף געטאָן,
פונקט ווי ער פאַרגייט.
די אויסזיכטן
צו געדענקען אַ פאַרטאָג,
ווערן קלענער.
דיינע ידיעות
אינם העלן חלום
ווערן פאַרגעסענער.
פאַרזיכטיקער ווי שטענדיק,
וויגסטו
אַ פאַרבליבן קול
אין דיין קאָפּ.

# די גרוב

די גרוב,
וואו מיר האָבן דיך אַריינגעלייגט,
איז ווי נישט פֿאַר דיר.
נישט
פֿאַר דיין אויסגעלייזטן מצב.
אויך דער שטיין,
וואָס מיר וועלן צופּעסטיקן צום זאַמד,
און אויסקריצן אין אים ווערטער,
איז נישט פֿון יענער וועלט.
נאָר דאָס געוויין וואָס איז פֿון דאַנען —
האָט אַ ווייטע שליטה.
בלייבט נישט ביי דיין גרוב.
דאָס האַרץ טוט נישט,
וואָס ס'טוען די הענט.
דאָס האַרץ
האָט פֿאַר דיר נישט געגראָבן די גרוב.
נישט צוגעלייגט
צו דער ערד קיין שטיין.
געמורמלט ווערטער —
נאָר אויפֿן שטיין זיי נישט אויסגעקריצט.
אַז דו געהערסט שוין ניט צו דער ערד,
פֿאַרוואָס לייגן מיר דיך אין דער ערד?
ביסט שוין ניט אונדזערער —
און מיר באַהאַלטן דיך
דו זאָלסט זיין פֿאַר אונדז.
מיר פֿאַרקליידן דיך אין אַ קלייד
דו זאָלסט ליגן
אינם ישוב פֿון די פֿאַרלאָשענע.
אַהין —
גייען מיר דיך זען,
און קוקן אויף דעם בערגל ערד
ווי אויף דיין פּנים.

## ווייסקייט

דער ווייסער פאַרנאַכט האָט דיך אָנגעיאָגט,
און ווייס געמאַכט דיין קאָפּ,
און דיינע רייד,
זיינען שוין אויסגעשטעלט צום שווייגן.
אַ ווייסער גורל דריקט אויף דיין קאָפּ,
ביז דו דערוואַרעמסט אים נישט
מיט קיין טרער.
איידער די אייביקייט וועט זיך אָנהויבן,
איז שוין די אומעטיקע דערוואַרטונג דאָ.
אַן אַנדער חלום
האָט שוין פאַרלאַנגזאַמט דיינע טריט,
און דיך פאַרקערעוועט אין אַ ווייסער ריכטונג —
קאָנסט שוין ניט אָנהויבן קיין צווייטן חלום.
דער דאָזיקער חלום איז גענוג גרויס,
פאַר דער איבערגעבליבענער ענגער שעה.
טרינק זיך אָן מיט רו.
די ווייסע ענגשאַפט, וואו דו גייסט איצטער
איז פול מיט רו.
ווערטער,
וואָס דו האָסט נאָך קיינמאָל נישט געזען,
הויבן זיך אין דיר אָן אָפּשטעלן.
דאָס איז די ווייסע וועלט,
וואָס פון דאָרטן זיינען דיינע ווייסע האָר.
דו מוזט אַרויסגיין,
מיט אַ וואָרט זי אויפנעמען,
און זיך לאָזן פירן פון דער ווייסער רו.
ס'ווערן שוין דאָרטיק דיינע פאַרמאַכטע ליפּן,
און דו ריכסט אָפּ
דאָרטיקע דרימלונגען ביים טיש.
שפּרינגסט אַמאָל שוואַך אָפּ,
פון דיין ווייסן טיש.
אָבער באַלד — טרעטסטו קריק,

און פֿאַרזיכערסט זיך
אויף דער ווייסקייט ווידער.
און אויב דו זאָגסט עפּעס,
איז דאָס ווייס און אמת.

## שפּעט נאָך מיין שלאָף

כ׳וועל דיך דערזען
שפּעט נאָך מיין שלאָף.
ס׳וועט נעמען אויסזען,
דו ביסט אויפגעקומען
פון מיין שווייגן.
אַז כ׳וועל צו דיר שרייען,
וועט זיין אַ סימן,
אַז דו ביסט ניטאָ.
די לערקייט
וועט מיך אַרומרינגלען
און פֿאַרשטייפֿן מיין גוף.
ס׳וועט זיין לער —
און דו וועסט מער ניט טרויערן.
קיינער
וועט דיך נישט העלפֿן
אין דיינע פֿאַרהוילענישן.
דו וועסט נישט זיין
אין ערגעץ.
נישט אינערלעך —
און נישט אין דרויסן.
ווי ווידערהאַלן
אַזאַ שווייגן —
וועל איך מער נישט וויסן.
כ׳וועל נאָך אַלץ שטומען —
נאָר צו אַ באַרירלעכער שטומקייט
וועט שוין נישט קומען.

# פאַרנאַכט

איצט ביסטו ווידער דאָ,
און שטרענגסט מיך אָן.
כ'האָב געחלומט אַ חלום,
און דו ביסט געקומען
און געעפנט פאַרנאַכט מיין טיר.
פון דיין שטילקייט
בין איך שיעור נישט אומגעפאַלן.
כ'ווייס פון וואַנען
דו קומסט.
ווייל יינגלווייז
האָב איך דיך געזען טויט.
ביסט געווען כמעט
אַ קינד צו דיין טויט.
זעץ זיך לעם מיר און זיץ —
דער טויט
האָט פון דיר געמאַכט אַ חלום.
נאָר דו אַליין חלומסט נישט.
חלום איך פאַר דיר. —
און פאַר מיר.
איך חלום מיינע
און דיינע — חלומות.
דו וועסט אַוועקגיין באַלד שטיל.
און אין דער שטילקייט
וואָס מיר האָבן צוזאַמענגעבראַכט
ביידע —
וועל איך איבערבלייבן.
אַז דו וועסט שוין זיין
אויף דיין פּלאַץ,
וועל איך נאָך שטיל זיין
ווי איך — און דו — צוזאַמען.

שפּעט באַנאַכט,
וועט זיך מיט מיר אַזאַ שטילקייט
אַוועקלייגן אויפן בעט.
און אויב כ׳וועל איינשלאָפן די נאַכט,
וועט עס אויסזען,
ווי כ׳שלאָף אַ נאַכט
נישט ווייט פון דיר.

## אויב

אויב איך וועל זיך נישט אויסוואַרטן,
אַז דו זאָלסט אַרויסגיין פונם שאָטן
ביים ליידיקן פּלאַץ,
וועל איך דיך זוכן אין דער ליכטיקייט.
נאָר ביי דער ליכטיקייט
וועט אויך דאַרפן
איבעראַל זיין ליידיק.
כ׳ווייס ניט, צי ס׳איז גוט,
ס׳זאָל דאָרט זיין
אַ גרינער בוים.
ווען אפשר ניט קאָנען
צוליבן בוים אַרויסגיין,
אין אַזוינע קליידער
ווי דו גייסט.
בעסער וואָלט געווען,
איך זאָל פּאַקן אַן אָרט
פון מדבר און ליכטיקייט.
צווישן הימל און זאַמד
וואָלסטו זיך באַוויזן.
פאַר דער זון
וואָס באַשיינט זאַמד,
וועסטו ניט מורא האָבן.

# ביי מיין טיר

וועסט זיך צושלאָגן צו מיין טיר,
ווי באַנאַכט אַ ווינט,
און מיין פּנים
וועט זיך נעמען טרייסלען
פון אַ טרער.
כ׳וועל וועלן אַרויסגיין
אין דרויסן און זען,
וואָס איז דאָרט געוואָרן.
צו איז די פינצטערניש
נישט איינגעפראָרן.
דאָס ליכט אין שטוב
וועט מיך שטיקן.
דאָך וועל איך די טיר
אפשר נישט עפענען,
טאָמער מאַכט עס דיר
צום פאַרשווינדן.
טאָמער
וועל איך דיך מיט דער טואונג
ענדערן.
כ׳וועל איינצוימען
די פאַרטרוימטע נאָגעניש
אַרום זיך.
געדולדיק מאַכן מיין עלנט.
דער דרויסן וועט זיין
אין דיין רשות.
דער אויסגעבלויטער ווינט
וועט אויספירן דיין ווילן —
כ׳וועל דיך אָנקוקן
דורך דער פאַרמאַכטער טיר.
דורך דער צעשיידונג,
וואָס אַ טרוים צעשיידט.

דורך דער באַגלייטונג
וואָס אַ טרוים שאַפט.
האָסט נישט געדאַרפט
אַזוי גיך דיין טויט.
און די שטוינענדיקע אָנונג,
האָב איך אויך נישט
אַזוי גיך געדאַרפט.
נישט דאָס געוויין,
וואָס האָט איינגעשטומט,
און נענטער געוואָרן
צו דער שטומסטער וואָר.
איך בויג היינט
אין הכנעה דעם טרוים,
איך זאָל דיך זען.
איצטער קיל איך אים
אין אַזאַ ווינט,
ביז ער טיילט זיך פון דאַנען אָפּ.

## אָן דיר

כ׳האָב זיך געבויגן צו דיין וואָר
און זיך געשטרעקט צו דיין אויסזען.
כ׳האָב געהערט ווי דו טראַכסט.
ווי דיינע אויגן
לעשן זיך און דרימלען.
אַ שטומקייט
האָט מיך געדרייט אַרום אַ שטעג,
וואָס איך האָב נישט געזען.
יעדער שפּאַן צו דיר
איז געווען פאַרשטעלט.
כ׳האָב געשוויגן —
און אַזוי
אָן דיר פאַרבראַכט.

## זיי

די,
וואָס האָבן דיך איבערגעלאָזט שלאָפן,
זיינען שוין פון לאַנג
ביי זיך אין דער הויך.
דעם חלום געדענקסטו ניט,
און די גרינגסטע טיר,
וואָס זיי האָבן געהאַלטן אָפן,
איז פאַרמאַכט.
די וואָס גייען צו דיר
פון אַזוינע שטרעקעס באַנאַכט,
זיינען ניט קיין שלעכטע.
זיי פאַרגנעדיקן
דיין דרימל.
די נאַכט
וואָלט געווען טרויעריק אָן זיי.
פוסט,
און אָן אַ זויבערן זין.
אין אַזאַ חלום,
געוואוינען זיי דיר צו
צו דעם ריינסטן טויט.
דיין בלוט ווערט לויטערער
און ווייניקער רויט.
ס'ווערן דיר אָנגעטרויט מענטשן,
וואָס זיינען שוין נישטאָ.
מענטשן,
וואָס ווייס איז זייער שם.
אַזש פון די הויכן
בויגן זיי זיך צו דיר איין —
אָנגעזיכטן,
פון דער — אָדער פון דעם —

זיי שיידן
פון דיר אָפּ דיין שאָטן
און האָבן מיט אים צו טאָן.
דרייען זיך אַרום דיר,
ווי דו וואָלסט געווען
אין זייער שטאַנד.
ווי דו וואָלסט געזעסן מיט זיי
אויפֿן הייליקן ראַנד.
זיי רעדן צו דיר
מיט אַן אייביק
שיינענדיקן טאָן.
מיט אָפּגעזונדערטע רייד,
וואָס פּליסן פון ערגעץ אָן.
זיי שימערן
אויף דיר אַרויף אַ שיין
און דיין טרויער
ווערט אויסגעגלייכט מיט זיי —

## אויף דיין בליק

אויף דיין בליק
הענגט נאָך דער טאָג.
אַ חלום פינטלט נאָך
אָפּ אין דיין קאָפּ.
ס׳ווערט נאָך נאַכט
איבער דער — זייט וועלט.
דיין פענצטער
איז נאָך צייטווייליק אָפן.
אַ ווייסקייט
בלענדט ביי דיין טיר.
הערסט אַ פאַרענדיקטן רוף
פון ג—ט,
שטאַרבן — איז דיין שטילסטער עול.

## דערנענטערונג

אַ דערנענטערונג צו דער נאַכט
איז דיין איצטיק שטיקל וועג.
פון בין־השמשות —
צו די שטערן.
פון אָנגעזעענע שאָטנס —
צו פאַרווישטער פינצטערניש.
ביסט געווען פול
מיט אויסגעהאָדעוועטע חלומות.
איצטער טרוים קריק.
קלייב זיך איבער פון דער וועלט
אין שטוב.
און פון שטוב —
אין דער ממשותדיקער גרוב.
לאָז דעם מהלך
נידערן אַראָפּ —
וואַנדער
אין דעם אויסגעשטערנטן עכאָ.
אַלץ איז באַזוימט
און באַבלויט.
האָסט שוין ניט וואָס
צו צוגעבן.
שפּאַן זיך איין אין שפּאַן
פון אָפּגעחלומטע טריט.
דער ציקל פון חלומות
האָט זיך אויסגעלאָזט.
איצט גייט דער ציקל
פון זיקנה צו זיקנה.
פון שוואַכקייט
צו שלאַפקייט,
און צום איינגעלייגטן
לעבן אין בעט.

מער איז נישטאָ
די פאַרדרימלטע פאַרטרויאונג.
די בלאָע אייביקייט
צווישן צוויי שוואַרצאַפּלען.
דער רעגן,
וואָס דו האָסט אים געגלויבט,
און די רגע, וואָס דו האָסט געזוכט
מיט דיין געזיכט.
איצט וועסטו ניט שילדערן
דעם הימל ווי אַ קינד.
איצט איז דער הימל
דיין פאַרדאַגה׳ט פּנים.

## כ׳זע

כ׳זע אין ליכט
די קאָרבן פון דיינע טריט.
די שטומע שטעגן צום ווינט.
די ווייסע שאָטנס
זיינען צעשפּרייט.
זיי זיינען דורכגענישטערט.
דאָס ליכט
איז אָנגערירט פון דיינע קליידער.
איך דערקען דעם וואַלד,
וואו דו ביסט געשלאָפן.
די בלעטער
בלאַנקען דאָרט.
די ערד
איז נאָך צעדעקט.
דיין טויט
דערקענט מען נישט.
דיין לעצטער טאָג
איז אויסגעגלייכט מיטן הימל.

# ביים טויט פון אַ פּאָעט

אין אַ פאַרטרויערטער שעה,
האָט זיך קוים אַרויסגעשלאָגן
פונם הימל אַ האַלבע לבנה,
און ס׳איז נאַכט געוואָרן ביי זיין פּנים.
זיין זילבערדיקער אָטעם
איז געוואָרן בלאָ,
פינצטער — און צולעצט טויט.
זיין פּנים איז שוין געווען אַנדערשער
ווי אונדזערער,
כאָטש ער איז נאָך געווען גאַנץ,
היימיש,
און פון אַלע יאָרן אַזוי באַקאַנט —
מער וועט דער דאָזיקער פּנים
ניט עלטער ווערן.
מער וועלן זיך אויף אים קיין יאָרן
ניט צונעמען.
ס׳וועט אונדז נישט העלפן
אַוועקשטעלן אַ טרוים
ביי זיין אויסזען.
די ציילונג איז פאַרענדיקט געוואָרן.
און ווי זאָלן מיר זוכן דעם טרוים,
ווען דער טויט ליגט רוי,
און דאָ ווי מיר שטייען,
איז נישטאָ
קיין אינטש פאַר קיין חלום.
ער איז אָנגעטאָן,
און ער דאַרף שוין ניט דאָס אָנטאָן.
פון דעם גאַנצן לשון,
וואָס ער האָט געקענט,
קען ער קיין זילב צו אונדז ניט זאָגן.
באַלד וועלן מיר אים צונעמען
פון דער ערד און פון דער זון,
און אים אַוועקטראָגן אַהין —
וואו מיר לייגן אָפּ
תמיד דעם טויט.

# אַז דו קומסט

אַז דו קומסט צו מיר,
נעמסטו מיט דיין טויט.
קיינמאָל קומסטו ניט,
ווי דו ביסט נאָכגעלאָפן פאַרנאַכט
דער ווייסער קאַץ.
כ'וויל דיר דערמאָנען
די הייזער פאַרנאַכט,
ווען דו ביסט קוים
געווען קליין.
יענעם זומער,
וואָס איז געווען
נאָר איין מאָל —
אַז דו האָלסט אַזוי
צעשפּרייט דיין טויט —
האָב איך ניט וואו
צו שטעלן די הייזער.
דער זומער שטייט
ווי אונטער דער ערד,
און קאָן נישט
אַרויסשפּראָצן.
לאָז מיך אַרויסשטעלן
כאָטש דיין אייגן הויז.
נאָכדעם
וועסטו פאַרמערט ווערן
מייט דיין טויט —
און עס קריק פאַרשירעמען.

# טויט-מאָטיוון

.1

דיין קאָפּ
ווערט שוין קאַלט פון דער זון.
די שטערן
ווערן ווייט פון דיין הויז.
דיין פענצטער
פאַרבלייכט און ווערט פינצטער.
דיין שאָטן
ווערט גרויס ביז צום טויט.
די בלאָ
טאַפּט דיך מער נישט אָן.
דיין רוקן
פאַרהאַלט נישט דעם ווינט.
דיין געשטאַלט
איז שוין אָן אַ סימן.

.2

דיין קול
האָט זיך ווי אַ ווינט פאַרענדיקט.
ס'וואַקסן ניט אויס מער
אין דיין קאָפּ קיין רייד.
ווילסט אַ געשריי טאָן
און דו האָסט ניט קיין געשריי.
ווילסט פאַרטראַכט ווערן
און דו ווערסט פאַרגליווערט.
דיין חלום
ווערט קאַלט ווי דו.
ער גייט
ווי דער טויט און ווי דו.
די אייביקייט
איז איבערן גאַנצן וועג.

.3

דער טייך ווערט אַלט.
די שטראָמען
ווערן אַלט און צעקנייטשט.
דער וואָלקן איבערן וואַסער
בלייבט שטיין.
אַ שטילקייט
נעמט אַרום דיין האַלדז.
ס׳ווערט ליכטיק
און שוואַך דיין האַרץ.
דיינע הענט
הויבן אָן דרימלען אַלט.
דער הימל
ווערט ווייס ווי דו.

## עלטער ווערן

יונג זיין,
האָסטו נישט געקאָנט
אַזוי רחבותדיק —
ווי עלטער ווערן.
איצט איז די שעה גינסטיק
פאַר אויסברייטערן
דעם סוף.
פאַר אויסשטרעקן דיין אויסזען
אין עק וועלט.
איצט האָסטו געאַרבט
די גאָרע גיכקייט.
קאָנסט פאַר אַ רגע
אויסשטומען די שטערן.
אַלע הימלען
זיינען דיין ענדע,
און די לבנה איז דיין אורן.

## כ׳רוף דיך אַרויס

כ׳רוף דיך אַרויס, זיך דערמאָנען
ווי די וועלט האָט אויסגעזען
אָן דיין טויט.
מיינע דערשלאָגענע ווערטער
זיינען העל געוואָרן,
און כ׳קאָן זיך דורך זיי זען מיט דיר.
ווי דו זעסט,
פאַרענדיק איך נאָך אַלץ דאָס ליד,
און בין זיך מיישב מיטן טויט
וואָס דיר צו זאָגן.
ביסט נאָך אַלץ די טויב,
וואָס האָט אין זינען ביינאַכט,
פליען פאַר מיין צוקאָפּנס.
דורך דיין טויט
קוק איך אוים די וועלט,
און צייכן זי ווי אַ קינד,
וואָס צייכנט פאַר אַ טויטן.

## ווייסער שניי

כ׳וועל דיך דערקענען
אין אַ ווייסן שניי,
און זיך אַוועקלייגן ביי דער ערד,
זאָלסט ניט זיין אַליין.
דו וועסט נישט האָבן קיין פּנים,
און כ׳וועל דערפאַר
אויך נישט פילן מיין פּנים
ביי דיין ווייסן שניי.
כ׳וועל אָנטאַפּן
דעם שניי מיט אַ חלום,
און נאָכאַנאַנד
לויכטן פאַר דיין ווילן.

# דיין שאָטן

איך רוף דיין שאָטן.
דער לעבעדיקער וועג
שטייט איצט ביי אַ זייט.
דער דרויסן איז ווי אַ חלל.
קיינער שטערט דיך נישט
אַרויפגיין אויף מיין שוועל.
דער פויגל וואָס פליט —
איז אַ טויטער פויגל.
קום צו מיר אַריין.
מיין שטוב איז אָפּגעזוונדערט.
דער דאַך איז ווייס געוואָרן.
דאָס גרויסע פענצטער
זעט אויס ווי פון ווינט.
מיין חלום שאָטנט
פון אַזאַ ווייט ווי דו.

# אַז דו גייסט צו מיר

אַז דו גייסט צו מיר פונם לעבן,
קומסטו אויך פון אַזוי ווייט
ווי פונם טויט.
פון קיין שום וועג
קומסטו ניט אָן געניי.
קאָנסט זיך נישט פאַרקלערן
ווי מיין וואָר.
יעדע דאַכטונג
פאַרשוואַכט דיין אויסשפּרייט.
פאַרענגט דיין סוד.
מיינע אַנונגען
פאַרענדערן דיך
און פאַרשטעלן
די עכטקייט פון דיין טויט.

# כ׳האָב געוואָלט

כ׳האָב דיך געוואָלט העלפן —
פינקלסטו
מיט אַזאַ שטילקייט
וואָס גייט איבער מיין הילף.
כ׳האָב דיך געוואָלט
אָנקוקן,
שטומסטו מיט אַזאַ גיכקייט
וואָס איז נישט
צום זען.
כ׳האָב נישט
אין ערגעץ קיין סימן,
איך זאָל זיך קענען
מיט דיר פאַרגלייכן.
אַז איך שטיי פאַר דיין טויט
שטרויכל איך,
און ס׳איז נישטאָ
קיין סוף צום שטרויכלען.

# אַראָפּ ביים באַרג

די אומגעקומענע פייגל,
וועלן אויף דיר וואַרטן
אַראָפּ ביים באַרג.
אַ ווינט וועט שטיין בלייבן,
און וואַרטן ווי אַ בריק.
אַ שטומקייט וועט זיי אָפּשפּיגלען
קלאָר אויף קריק.
אָנגעגרייטע נעפּלען,
וועלן זיי פירן צו זייער רו.
אויך דו, וועסט דאָרט זיין,
און זאָגן, וואָס מען זאָגט,
פאַר אַזאַ זעאונג צו.

# אינהאַלט

## איך און וועלט

## ג—ט

## טויט